# ספר

# בית יעקב

מאת זעירא דמן חבריא

## צבי יעקב בה"ר יקותיאל שלמה זצ"ל

ונכד לאותו צדיק ובעל המקובל
ר' הירש קאפיל זצ"ל המכונה
דער גוואזדיצער רבי.



MANUSCRIPT

# "BETH JACOB"



AUTHOR.
HARRY JACOB WIENER
MONTREAL

יתברך השם ויתעלה הבורא שהחינו וקימנו לחבר הספר הזה מאת אשר נודדתי ממקומי והתחלתי ללחום במלחמת החיים, לחפש פרנסתי ע״י סיבות שונות. אמרתי אהה נגזרתי מארץ החיים, זו תורה שהיא חיים נצחי, ואמרתי אני אל לבי, מתי אעשה גם אנכי לביתי להכין צידה לדרך, על הדרך שכל יושבי תבל דורכים שם. ואולם כמו בת קול קרא אלי ואמר: קום לך נרדם! גם עבורך. הניחו אבותיך מקום להתגדל ולהתקדש שמו הגדול.

מי האיש החפץ חיים,
גופו יהא חזק ונשמתו קיים
יהגה בספר הזה יום יום ויומיים,
ומשכרתו תהיה שלמה בכפליים.
שם תמצא מרפא לעצמותיך
ובה תחזה מרגוע לנפשיך.

דיא וועלט איז דורך אוים פראַגען אונד קשיות, קשיות אונד פראַגען, נאָר אַז איהר ווירד דיעזען ספר דורך שטודירען הונדערט מאָהל זאָ ווירד איהר אויסגעפינען דאָס דיא וועלט איז פאָלקאָמען. עס איז גאָר נישט דאָ קיינע פראַגען אונד קיינע קשיות.

## אָנמערקונג פון דיא פובלישערם.

---

דיעזער ספר איז פערבאָטין נאָכצודרוקען אויסער דעם וואָס איז קאפרייט בייא דער רעגיערונג. אונד נאָכצודרוקען איין ווערק וואָס איז קאפרייט, ווירד פון דער רעגיערונג בע־טראַכט אלס א גרויסער פערברעכין, איז ער אויך אונטערוואָרפין אונטער דעם חרם און שבועה מן התורה: „ארור משיג גבול רעהו“. ובפרט, דער גאנצער בענעפיט פון דעם ספר געהט פיר דעם מחבר אליין, א זקן בן שבעים מיט א צובראכענעם גוף ומחוסר פרנסה,

דיא פובלישערם

# בית יעקב לכו ונלכה באור ד׳

---

שער אמונה

דיא תורה פאנגט זיך אָן מיט דיא ווערטער: „בראשית ברא אלוהים את השמים ואת הארץ״. עס שטעלט זיך דיא פראַגע: דיא תורה איז דאָך דער יסוד פון דיא מצוות, וואָלט זיך דאָך דיא תורה גידאַרפט אָנפאַנגין מיט דער ערשטער מצוה? רש״י הקדוש שטעלט אויך דיא זעלבי פראַגע פון ר׳ יצחק. איך וויל דאָ ח״ו נישט בעריהרען דעם כבוד פון רש״י, ווייל איך בין אַ מאמין אַז רש״י איז גיוועזן אַ בעל רוח הקודש. דער תירוץ אָבער, איז נישט גענוגענד פיר דעם יעצטיגען דור ווייל דאָס איז בלויז אַ דרש.

דער יונגער דור אָבער וואָס האָבין זאַ פיהל בילדונגס שולען, זוכען נאָר פאַקטין, און דורך דעם זענען זייא אָפט־מאָהל מבזה דיא תורה. זייא זאָגין דיא תורה איז פאַנאַטיש, און אַזוי וויא השי״ת האָט מבטיח גיוועזן דאָס אין יעדין דור וועלין זיך גיפונין נשמות וואָס וועלין מפרסם מאַכין אַז דיא תורה און זיין נאָמין איז הייליג, זאָ האָב איך דאָס אין זכות פאָן מיינע עלטערן צדיקים ובעלי מקובלים, זאָל אומשטאַנד זיין מיט מיין ספר מפרסם זיין פאַר דער וועלט דאָס השי״ת האָט אונז גיגעבין אַ תורה וואָס איז געבויט אויף דער אמתע פילאָזאָפי, אמתע הומאַניטעט, אמתע עקאָנאָמי אונד וואַהרע געזונדהייטס אָרדנונג.

אָבוואָהל מיר זעהן אין דער תורה פיהלע מצוות וואָס שטיממען נישט מיט דער יעצטיגער צייט. דיא תורה קען אָבער דורך דעם נישט גיענדערט ווערין, און דערויף

האָבין שוין אונזערע חכמים גיזאָרגט מיט זייערע דרשות, דאָס פיהלע מצוות עשה, ולא תעשה, זענין גרינגער גיוואָ־ריז, און אַ טהייל זענין גענצליך בטל גיוואָרין, און דאָך דיא תורה נישט בעריהרט, וויא דער משורר בעל רוח הקודש זאָגט אין תהילים: „תורת ד׳ תמימה״.

און יעצט וועל איך קומין צום ערשטין ענין און ער־קלעהרין פאַר וואָס דיא תורה פאַנגט זיך אָן מיט „ בראשית ברא אלוהים״. זאָלין מיר נעהמין אין בעטראַכט ווען איין אַרכיטעקט נעהמט זיך בויען איין גרויסע גיביידע, איז דאָס אַללע ערשטע זאָרגט ער פיר דעם פונדאַמענט. איך האָב גיזעהן בייא מיינעם אַ פריינד דאָס ער האָט גימוסט פערוועגדין זיין גאַנץ פערמעגין בלויז פיר דעם פונדאַ־מענט.

למשל ווען אַ מענש וואָס האָט געוואָנט אין אַ וואַלד און האָט פאַר זיינע אויגען קיינמאָהל גיזעהן אַ גרויסע גי־ביידע וואָלט געווים געזאָגט: דיא מענשין זענין משוגעים, וואָס פערוועגדין זאָ פיהל פערמעגין און אַרבייט אין דער ערד אַריין. דער אַרכיטעקט אָבער, פערשטעהט, מעג דער בנין זיין וויא הערליך, ווען דער פונדאַמענט איז נישט ריכטיג, איז דיא גאַנצע געביידע גאַרנישט ווערטה, און אָפטמאָהל שטעלט אַזאַ בנין אין געפאַהר הונדערטע מענ־שין.

דאָס זעלבע איז אויך דיא תורה. מעג איינער האָבין אַ בילדונג פון דער גאַנצער וועלט, זאָ לאַנג עס פעהלט איהם אָבער דער יסוד האמונה, איז דאָס אַלעס גאַרנישט ווערטה. און אָפטמאָהל ווירד נאָך איבער איהם דיא תורה מבוזה בייא אַנדערע פעלקער. פאַרוואָס?

אין מיין לעבענסלויף פיר מלחמת החיים, האָב איך גיהאַט אַ פערקעהר מיט צעהנדליגער טויזינדער מענשין און קיין מענש אין דער וועלט קען מיר איינרעהדין דאָס בייא דעם מענש וואָס פעהלט דער יסוד, אַז עס עקזיס־טירט אַ בורא, א מנהיג, זאָל זיין ערנסט אין אַ פאַלל ווען ער פערשטעהט אַז דאָס וועט איהם שטעהרין צוא זיין פער־גניגען אָדער פערמעגין. דיא ערנסטקייט און פיינהייט איז בייא איהם, אין זאָלכין פאַלל, קיין סחורה. און ווען וועל־כער פון אַפיקורסים זעהט דיא האַנדלונג פון זאָלכין מענ־שין, שטעכט ער דיא אויגען און זאָגט: אָט דיעזער מענש איז דאָך אַ גרויסער בעל תורה, און זעהט זיינע האַנדלונג.

אונד דעריבער פאַנגט זיך אָן דיא תורה מיט „בראשית ברא אלוהים". פאַר אַללעם זאָלסטו בעטראַכטין דיא חכמה און דיא קונסט ווערק פון דער שעפפונג, ווערסטו שוין פערשטעהן מיט דיין איינענעם שכל אַז עס איז פער־האַנדין אַ בורא, אַ מנהיג, וואָס פידערט דיא וועלט.

דער נביא האָט אויך געזאָגט: „דע את ד' אלוהיך ועבדהו". פערשטעה מיט דיין איינענעם פערשטאַנד אז עס איז פערהאַנדין אַ גאָט, אונד דאַמאלס ווערסטו איהם קע־נען ערנסט דיענען.

זאָלין מיר למשל זעהן אויפן ים שווימען אַ ברעהט אָדער איין אַלט פאַס, און עס שווימט אָהנע ציעל און אָה־נע אָרדנונג. אָט געהט עס נאָך מזרח, נאָך מעריב, אָט קעהרט עס זיך איבער. דאָ קענען מיר זאָגין עס איז גראַ־דע גילעגין ביים ברעג איין אַלט פאַס, דאָ איז אַנגעקאָמען אַ חוואַליע און האָט עס אַריין גישלעפט אין ים אַריין. ווען מיר זעהן אָבער אַ שיף אויפן ים גימאַכט מיט זאָלכי מאַ־

שינערי, קעסלען, אד״ג, זאָ מוסין מיר שוין אַנערקענען, אַז דאָ איז גיוועזן אַ האַנד פון איין אַרכיטעקט, אַ קינסטלער וואָס האָט דאָס צוזאַמען גישטעלט. אונד ווען מיר זעהן דאָס דיא שיף געהט צוא איהר ריכטיגען ציעל וואָהין זיא איז בעשטימט צוא געהן, זאָ מוסין מיר אַנערקענען, דאָס אין דער שיף זיצט איין קאַפּיטאַן וואָס פיהרט זיא צום ציעל.

דאָס זעלבי איז אויך דיא שעפּפונג דער וועלט.

זאָלין מיר גוט בעטראַכטין וויא יעדעס בעזונדער בעדיענט אונד קומט צוא זיין ציעל, צוא דער זעלבער סעקונדע וואָס דאַרף קומין. וויא דיא זון, דיא לבנה אונד דיא אַנדערע כוכבי לכת.

יעצט זאָלין מיר בעטראַכטין וויא יעדעס באַשעפּעניש איז געבויט מיט זאָ פיהל חכמה פיר זיין עקזיסטענץ.

איך זאָל בעשרייבען אַללע ברואים, וואָלט עס זעהר פיהל פּלאַץ פערנאָממען. אונד דעריבער וועל איך נאָר איינינגע בעשרייבען.

למשל אַ שטאָרך האָט אַ לאַנגען שנאָבעל. פאַרוואָס איז דאָס נישט פערהאַנדין בייא איין אנדערן פאָיגעל? ווייל זיין נאַהרונג איז פון דיא ווערימלאַך, וואָס ער ציהט אַרויס פון דיא זומפּען, אונד דאַצוא מוס ער האָבין איין לאַנגין שנאָבעל.

אַ קעמיל האָט צווייא האָרבים. אונד אין מיטען פלאַך בייא אַ קעמיל איז אויך פערהאַנדין אין בויך אַ מין רע־זערוואַר, וואָס דאָרט געהט העריין היבשע עטליכע גאַלאָן וואַסער, וואָס ער ברויכט עס גאָרנישט. פאַרוואָס איז דאָס נישט פערהאַנדין בייא אַנדערע בהמות? ווייל אַ קעמיל

געהט גיוועהנליך אין מדבריות, איזט ער זאָ גישאַפין, דאָס מאַן זאָל אויף איהם קענען אויפלאָדען משא.

און אַזוי וויא אין דיא מדבריות מאַכט זיך אָפט דאָס עס פעהלט וואַסער, זאָ דאַמאָלס, ווען עס פעהלט איהם וואַסער, שעפט ער פון דעם רעזערוואַר. אונד דעריבער קען אַ קעמיל געהן אַכט טאָג אָהן אַ טרינק.

איך וועל אייך אויך ערצעהלין אַ פאַקט. איך בין אַמאָהל פאַרביי גיגאַנגען אַ טיהר־גאַרדען. וויא גיוועהנליך איך האָב מיך אָבגישטעלט צוא בעטראַכטין דיא חיות וויא איך האָב זאָ בעטראַכט אַ קליינע חיה מיט צווייא פיס, דערזעה איך פלוצלינג וויא עס קריכט אַרויס אַ קליין באַ־שעפניש פון דעם בויך, נעבין דער ברוסט. זאָ האָב איך גידענקט אַז דאָס האָט זיא אַ נייע געבאָרענעם קינד. איך דערזעה אָבער עס קריכט נאָך איינס, אונד אויך אַ דריי־טעס, דאָ בין איך שוין שטעהן געבליעבען, אונד אָנגע־פאַנגען דיא חיה גוט בעטראַכטין. זאָ האָב איך גיזעהן וויא אויף דעם בויך איז פערהאַנדין אַ מין קעשינע, וואָס דער גרעסטער שניידער קינסטלער וועט אַזאַ קעשינע נישט איינאַרבייטין. און אַהין געהן אַריין דיא קינדער.

אַלזאָ עס פרעגט זיך דיא פראַגע: פאַרוואָס איז דאָס בייא קיין אַנדערע חיה פערהאַנדין? איך וועל אייך דאָס פערענטפערין. די חיה האָט בלויז צווייא פיס און קען נישט געהן, נאָר מוס שפּרינגען פון איין אָרט צום צווייטין. דיא נייא געבאָרענע קענען דאָך נישט שפּרינגען, זאָ ווען זיא דאַרף שפּרינגען פון איין אָרט צום צווייטען, קריכען דיא קינדער אַריין אין דעם זעקיל, און זי שפּרינגט מיט זייא, איך בין פון דעם פּלאַץ שוין אַזאָ שנעל נישט אַוועק גיגאַנ־

גין, און האָב זאָ בעטראַכט וויא דיא חכמה עליונה האָט אַזוי גיזאָרגט פיר יעדע באַשעפעניש, און האָב אויסגישריען: אָה מה רבו מעשיך ד׳ כולם בחכמה עשית. וואָס מאַכט מאַן אָבער מיט דיא שוטים וואָס זאָגין אַז אַלעס האָט זיך אַליין גימאַכט?

יעצט וועל איך איבער געהן צום מדבר, דער בחיר כל היצורים, וואָס איז בעגאַבט מיט דער מתנה פון רעהדין.

אייגענטליך בעזיצט דער מענש אַללע אייגענשאַפטין פון א בהמה אָדער א חיה. אָדער בעסער גיזאָגט: ער בעזיצט דיא אייגענשאַפטין פוןביידע, אי פאַן א בהמה אונד פון אַ חיה. נעמליך: זיינע פראָנט ציין זענען שאַרפע וויא בייא אַ חיה. וויל דיא נאַהרונג פון א חיה איז פלייש, זאָ מוס זיא האָבין שאַרפע ציין. דיא באַקען ציינער זיינען שוין פלאַכע, וויא בייא אַ בהמה. וויל די נאַהרונג פון אַ בהמה איז גראָז.

שכל בעזיצען אויך דיא חיות וויא אַ מענש. אַ גרויסער אַרכיטעקט האָט אַמאָהל בעטראַכט אַ נעסט פון אַ פויגעל, האָט ער מודה גיווען, דאָס מיט זיין גאַנצער אַרכיטעקטור איז ער נישט אומשטאַנדע אויסצוא אַרבייטען זאָלכעס מיט זאָ פיהל קונסט ווערק.

עס איז אָבער דאָך אַ גרויסער אונטערשיעד פון אַ בהמה ביז אַ מענש. דאַפאַן וועל איך רעהדין בייא דעם פסוק: „והנחש היה ערום מכל חיות השדה“.

עס איז שוין אַנערקענט בייא דער גאַנצער וועלט דאָס דיא תורה איז הייליג און יעדעס וואָרט איז אמת, און איז געבויט אויף רייגער פילאָזאָפי און חכמה, און דאָך קומט

דיא תורה און ערצעהלט אונז אַ גישיכטע מיט אַ שלאַנג, איין עפּיל, גן עדן, אונד דער גאַנצער ענין זעהט אויס וויא דער ענגלישער רופט עס, „פעירי טעהל“. אָדער וויא מאַן זאָגט אויף מאַמע לשון: אַ באָבי מעשה. וואָס איז דער שלאַנג, גן עדן, עפּיל?

יעצט וועל איך קומין צום פּסוק „והנחש היה ערום מכל חית השדה“.

איהר זאָלט וויסען דאָס עס עקזיסטירט צווייא אַלייע כוחות, כוח הגשמי ושכל הגשמי; אונד כוח הרוחני ושכל הרוחני. ע"פ קבלה ווירד עס גערופין: סטרא דקדושה וסטרא אחרא.

דיא שעהנע נחש, דיא שעהנע פּירות, דאָס איז דער כוח הגשמי ושכל הגשמי. כביכול האָט אָבער גיוואָלט דאָס אויף דער ערד זאָל זיך אויך געפינען אַ באַשעפעניש וואָס זאָל קענען ציהן דעם שכל פון דעם מקור פון דער חכמה עליונה. דער אָרט וואָס ליגט בעהאַלטין דיא גאַנצי חכמה, אונד פאָן דער חכמה איז אַלעם בעשאַפין גיוואָרין, אַזוי וויא דער אַרכיטעקטור מאַכט אַללע זיינע פּלעהנער נאָר פון דעם קליינטשיקען קעסטעלי וואָס מיר רופין מוח.

דער בעווייז דאַפון איז, אַז דער מענש איז בעשאַפען גיוואָרין ער זאָל ציהן זיין כוח און זיין שכל פונ'ם מקור העליון. אַללע באַשעפענישען געהן מיטן קאָפּ צוא דער ערד. דער מענש אָבער, האַלט דעם קאָפּ אין דער הויך צום הימּמעל. סולם מוצב ארצה, „וראשו מגיע השמימה“, אונד ווען דער מענש זאָל ציהן זיין כוח אונד זיין שכל פון'ם מקור העליון, ברויכט ער קיין עסין. אונד דעם תענוג רוחני גיבּטס קיין מענש ער זאָל עס קענען בעגרייפין, אויסער

דיא נביאים אָדער צדיקים, בעלי רוח הקודש. אונד דערי־בער האָט משה רבינו גיקענט זיין אויפ׳ן בארג פיערציג טעג און נישט עסין. איהר זאָלט קיין טעות האָבין אַז משה איז גיוועזן אין הימעל. אָה ניין, ער איז טאַקי גישטאַנען אויף דער ערד, נאָר זיין מוח, זיין קדושה, האָט גיצויגין דעם כוח און שכל פון דעם קוואַל פון אויבען. ברויכט מען אַ בעסער גן עדן?

אין דעם גן עדן איז דאָס אדם הראשון גיזעסין. דער גן עדן האָט אָבער לאַנג נישט אָנגיהאַלטין. קוים האָט ער דערזעהן דיא שעהנע חוה, דיא שעהנע עפּיל אד״ג, זאָ איז דאָס ראַדיאָ מאַשינקאלי קאַלי גיוואָרין, אונד עס האָט שוין צוא זיך נישט גיקענט צוציהן דיא קולות פון שיקאַ־גאָ אָדער סאַן פראַנציסקאָ, און אויס גן עדן. און ער האָט שוין ערפאַהרען אַז ער וועט מוסין שטאַרבין. ווייל דאָס איז שוין אַ שכל: קוים האָט ער גימוזט עסין, וועט ער מו־זין שטאַרבין. דאָס איז דער כלל אין דער חעמישער ווי־סענשאַפט, דאָס יעדער צוזאַמין געשטעלטע געגענשטאַנד מוס אויפגילעזט ווערין.

איך וויים דאָס פיהלע פון דיא לעזער ווען דענקין: דער מחבר פון דעם ספר מוס געווים נאָך זיין פון דיא אַל־טע בטלנים, פון בימי שמגר בן ענת. וואָס הייסט נישט עסין גאָר? אונד דאַצוא נאָך לאַנג לעבין, אָדער גאָר עוויג? זאָלט איהר אין מיר קיין טעות מאַכין. איך בין וויא דער אַמעריקאַנער זאָגט: איין אָפּ טוא דעהט. אפשר נאָך מעהר וויא אַללע אַפּ טו דעהטניקעס, אונד דאָך איז דער פּשט פון דעם גאַנצן ענין, פון דער נחש, גן עדן, עפּיל, הייליג אַזוי וויא איך האָב בעפאָר ערקלעהרט.

וויא אַזוי קענסטו דאָס אָבער ערקלעהרין, דאָס מיר זאָלין עס אויך פערשטעהן? וועל איך דאָס וויטער בעשרייבין. נאַטירליך נישט אַללעס. ווענינגסטענס אַ וועניג דאַפון.

איך קען אייך זאָגין באמונה שלימה, דאָס דיא זעקס יאָהר, אַלס בחור, וואָס איך האָב צוזאַמין גילערינט מיט הרב אלימלך מבראָדי, פלעגט פעריבער געהן כמעט צווייא, און אַמאָהל דרייא טעג, וואָס איך האָב נישט געפאָדערט קיין עסין. אונד דאָך האָט דאָס פנים גיברענט וויא פייער, וויא איך זאָל האָבין גיטרינקען דיא בעסטע ווייַנען. אונד ווען יעמאַנד זאָל גיוועזן קומין מיט אַ גאָלדיני קרוין, און וועלין פערבייטין, וואָלט איך איהם גיוועזן אויסגעלאַכט. וואָס וויל ער מיר אָנטוהן אַ שטיק אייזען אויפן קאָפּ, אונד צוא נעהמין דיא ליכטיגע שכינה?

קוים אָבער האָט מאַן מיר צוא גיגעבין דיא שעהנע חוה, אונד פיהרין מסחרים, והצליח מעשה שטן, דיא הצלחה האָט מיר צוא געשיינט, אָה דאַמאָלס איז אַללעס אָבגיהאַקט גיוואָרין. איך בין שוין אויפגישטאַנען כמעט עס איז נאָך גיוועזין פינסטער, און אָבגיחאַפּט דאָס דאַוונען, כדי איך זאָל קענען עסין. פאַר מורא איך זאָל נישט מוזין עסין בעפאָר דאַוונען. וויא קומט דאָס אָבער? וועל איך אייך ערקלעהרין ע"פ שכל.

ווייסט איך דאַפון אַז עס גיבט בוימער וואָס לעבין וויא אַללע לעבעדיגע ברואים וואָס עסין יאָה? איך זאָל אַזויא זעהן ביאת הגואל, מיט דער שכינה, וויא איך האָב גיזעהן אין אַ מוזעום אַ בוים וואָס האָט זיך בעוואָגין, אונד ווען איהר וועט בעריהרען זיין בלעטיל מיט אַ שפּילקע וועט

זיך דאָס בלעטיל איינקאַרטשען אין צעהנען ווייל עס טהוט איהם וועה, זאָ וויא אַ מענש ווען מאַן גיבט איהם אַ שטאָך אין דער האַנד, פערמאַכט ער באַלד דיא האַנד.

עס איז אָבער פערהאַנדין אַ בוים מיט מעהר לעבין וואָס איך האָב נישט גיזעהן, אונד דאָך איז אמת. נעמליך: אויף דעם סאָרט בוים וואַקסען לעבעדיגע עופות.

אַלזאָ עס שטעלט זיך דיא פראַגע: פון וואַנען לעבט דיעזער בוים? ער עסט דאָך נישט, ער ציהט זיין נאַהרונג אַביסיל פון דער ערד, אונד דאָס איבעריגע פון דער הויך.

יעצט וועל איך צוריק געהן צום ערשטין ענין. מיר האָבין געדרינגען דאָס דער מענש איז בעשאַפין גיוואָרין מיט איין אויסנאַהמע פון אַנדערע ברואים נאָר מיט איין זאַך. אַנדערע ברואים בעזיצען דעם שכל הגשמי, דעם מענשינס מוח אָבער איז זאָ איינגיאָרדענט גיוואָרין, דאָס ער זאָל קענען ציהן זיין שכל פונם מקור העליון, פון דעם אָרט וואָס ליעגט דיא אמתע חכמה. און דאָס איז וואָס מיר רופין נשמה אָדער רוח הקודש.

צוא בעזיצען אָבער דעם כוח, צוא קענען צוא זיך צוא ציהן פון דער חכמה עליונה, מוס בענוצט ווערין צווייא מעלות. ערשטינס מוס ער זיין געבוירען מיט זאָ אַ מוח בירושה מאבות אבותיו. אונד דאַן מוס ער ערשט דעם מוח גוט אויסשאַרפין בקדושה ובטהרה, ובהרחבת הדעת. אונד דאָס האָבין אונזערע חכמים אָנגעדייטעט אין „השכינה שורה אלא על חכם גבור ועשר“.

איך וועל אייך דאָס געבין צוא פערשטיין מיט אַ משל. למשל, איהר ווילט האָבין אין אייער הויז עלעקטריק. מוסט איהר האָבין צווייא זאַכין: ערשטינס מוסט איהר

האָבין אַ לאָמפּ. דאָס לעמפּיל איז טאַקי נישט מעהר וויא אַ שטיקיל גלאָז. דער פאַבריקאַנט אָבער פערשטייט שוין וויא דאָס לעמפּיל אדים צואַרבייטין, עס זאָל קענען צוא זיך צוא ציהן דיא עלעקטריק; דאַן ברויכט איהר ערשט איינצאָהלין אין דער קאָמפּאַני זיא זאָל אייך צוא לאָזין דיא עלעקטריק. קוים אָבער האָט איהר נאָר איינס פון דיא צווייא זאַכין, האָט איהר קיין עלעקטריק אין אייער הויז.

דאָס זעלבע איז אויך גיוועזן מיט אדם הראשון. דער פאַבריקאַנט, דאָס הייסט דער בורא השי״ת, האָט איהם בעשאַפין זאָלכין מוח, ער זאָל קענען צוא זיך ציהן דעם כוח ושכל העליון. עס זעהט אָבער אויס אַז ער האָט אויפ־גיהערט אָנצאָהלין דער קאָמפּאַני. ווייל דיא שעהנע נחש, דיא שעהנע עפּיל אד״ג, זענען צווייא געגען עקסטרעה־מען, אונד קענעןביידע צוזאַממען נישט שטיממען. זאָ איז פון איהם דיא חכמה עליונה אָבגיהאַקט גיוואָרין, און אויס עלעקטריק. און ווידער פינסטער אין הויז.

אונד זאָ איז אַוועק צייט נאָך אַ צייט; אַלץ טיעפער און טיעפער געזונקען, ביז זייא האָבין שוין אומגאַנצען פערלוירען דעם מענשליכען געפיהל, און זענען שוין גי־וואָרין וויא דיא חיות. עס איז נאָר געבליעבען נח מיט זיין פאַמיליע.

אַזוי וויא כביכול האָט גיזעהן, אַז דיא גאַנצע אַרבייט זיינע איז גיוועזן אומזאָנסט. דען זאָלין מיר נאָר גוט בעטראַכטין, מיט איין אמתן און קלאָהרין שכל, ער האָט בעשאַפין הונדערטער מיני פלאַנצונגען; הונדערטער מיני באַשעפענישען, אונד נאַטור פאָרשער האָבין שוין דורך שטודירט, דאָס עס גיבט קיין איינציגע פלאַנצונג אָדער

וועלכי בריאה, דאָס דער מענש זאָל עס נישט געברויכין.

און דער מענש איז גראַדע קיין פוילענדער, אונד פאַר־נוצט אַללעס. ער פאַרברענגט אַללע בוימער, עסט אויף אַללע פירות, קוילעט אויס אַללע בהמות, שעפּט אויס אַללע אומשולדיגע פישלאַך; מאַכט אַ תל פון דיא שטיל־לע רוהיגע עופלאַך. אַלזאָ עס שטעלט זיך דיא פראַגע: פאַרוואָס האָט ער דאָס אַזוי בעשאַפין?

דער תירוץ איז: כביכול האָט גיוואָלט האָבין אויף דער ערד איין בעשעפעניש וואָס זאָל עהנליך זיין צוא מלאכים. און זאָ וויא דער מענש, ציהט נוצען פון אַללע זיינע בע־שעפענישען, אַזוי זאָל ער ווידער פון דעם מענשין ציהן נוצין. וואָס הייסט נוצען? ער זאָל איהם לויבין; ער זאָל אַנערקענען אַז ער איז דער באַשעפער פון אַללעס. זאָ וויא ער האָט אָבער גיזעהן אַז דער מענש איז אויך נישט מעהר וויא אַ חיה, און פיהלע פעללע האָט ער איהם גאָרנישט גיקענט פערגלייכין צוא אַ חיה, נאָר צוא אַ שלאַנג, וועיל עס איז בעוויעזען, דאָס אַ חיה וועט נישט פערציקען קיין באַשעפעניש ווען זיא איז נישט הונגעריג. אַ שלאַנג אָבער האָט ליעב מזיק צוא זיין אַפילו ווען זיא איז נישט הונגע־ריג. איהר גרעסטער פערגעניגען איז, ווען זיא זעהט דאָס, איהר קרבן מאַטערט זיך.

זאָ האָט השי״ת גיזאָגט: אויב אַזוי צוא וועלכין צוועק ברויך איך אייך? אונד האָט זייא אָבגימעקט פון דער וועלט דורך דעם מבול. נאָר אין זכות פון נח, איז דיא וועלט ווידער צריק גישטעלט גיוואָרין. בעסער איז דיא וועלט דאָך נישט גיוואָרין.

השי״ת האָט אָבער דאָך גיוואָלט דיא וועלט צוריק

שטעלין. פאַר דעם צוועק וויא זיא איז באַשאַפין גיוואָרין בששת ימי בראשית. זאָ איז גיקומין אברהם אבינו, און גאָט האָט צוא איהם גיזאָגט: „לך לך מארצך“. געה אַרויס פון דיין לאַנד איבער דער וועלט, אונד דורך פערשיעדע־נע סיבות און ניסים וואָס איך וועל דיר בעווייזען, ווירסט דוא מפרסם מאַכין מיין נאָמען.

אונד זאָ איז עס גיוואָרין, דאָס פון אברהמן האָט זיך שוין אָנגיפאַנגין אַ אמונת הבורא.

„ואנשי סדום רעים וחטאים“. אונד דיא מענשין פון סדום זענען גיוועזן שלעכט און זינדיג. אייגענטליך דער־צעהלט נישט דער פסוק אין וואָס זייערע זינד זענען בע־שטאַנען. ואדרבא, מיר זעהט גאָר אויס אַז זייא זענען גיוועזן פיינע לייט. פון וואַנען איז דאָס געדרינגען?

אָט וועט איהר זעהן אַז מען איז בעפאַלין לוט׳ס הויז ווייל ער האָט גיבראָכין זייער סיסטעם נישט אַריין צוא לאָזין אַ פרעמדין. איז אַרויס דיא גאַנצע שטאָדט. אַלזאָ דאָס צייגט דאָס זייא האָבין צווישין זיך גיהאַט גרויס אחדות, דען ווען נישט, וויא וואָלט זיך נישט געפונען וועניגסטענס איינער, וואָס זאָל זיך פשוט פוילין אַרויסצואקריכין פון׳ם הויז בייא נאַכט? נוא, דאַרפט איהר נאָך אַ גרעסערע מעלה וויא אחדות? אַ קליינינגקייט איינינגקייט? וויא זשע קומט עס וואָס זייא האָבין גיהאַט אַזאַ שוואַרצין סוף?

דיא ערפאַהרונג אָבער, וואָס איך האָב גיהאַט אין דער וועלט קען מיר דאָס פערענפערין.

עס געהט הערום אַ לעגענדע. איך דענק אַז דיא לע־גענדע איז בעקאַנט פון יונג ביז אַלט. וואָס? אין סדום איז גישטאַנין אַ בעטיל, און אַז עס איז געקומין אַ פרעמדער, האָט מען איהם אַריין גילייגט אין דעם בעטיל. אויב ער איז גיוועזן לענגער פון׳ם בעטיל האָט מאַן איהם אונטער־גיהאַקט דיא פיס; איז ער ווידער גיוועזן קורצער, האָט מאַן איהם זאָ לאַנג גיצויגען ער זאָל זיין גלייך מיטן בעטיל.

אייגענטליך איז דאָך אַ קשיא. וויא קומט עס, דאָס אַ גאַנצע וועלט זאָל זאָגין אַזאַ נאַרישע לעגענדע. יעדער ווייסט ווען מאַן האַקט אונטער פיס מוז מאַן שטאַרבין, און דאַצוא מיט גרויסע יסורים. אונד ווען מאַן ציהט איהם

צוא ווערין גרעסער, איז אויך דאָס זעלבי. צוא וואָס זשע דאַרף מאַן נאָך זאָגין אַ גאַנצע לעגענדע? זאָל מאן זאָגין גאַנץ פשוט און קורץ: דיא מענשין פון סדום זענען גיוועזן רוצחים. און אַז עס איז גיקומין אַ פרעמדער האָט מאַן איהם גיהרגת.

דיא מיינונג פון דער לעגענדע איז אָבער אַזוי: אַז עס איז געקומין אַ פרעמדער האָט ער געמוסט זיין גלייך מיט זייא. טאָמער איז ער גיוועזן ח"ו אַ פרומערער פון זייא, אָדער זאָלין מיר זאָגין אַ גרעסערער גנב פון זייא, טויגסטו אונז נישט. אונד מאַן האָט איהם אונטער גיהאַקט דיא פיס וואָס הייסט, ממש אָבגיהאַקט דיא פיס? ניין! מאַן האָט איהם שוין בעזאָרגט מיט צרות, מאַן זאָל פון איהם פטור ווערין.

איז ער ווייעדער גיוועזן וועניגער פרום פון זייא, אָדער אַ קלענערער גנב פון זייא, טויגסטו אויך נישט. און מאַן האָט איהם זאָ לאַנג גיצויגין, אַז ער איז שוין אַליין אַנטלאָפין.

נאָר אַ גרויס גליק מיט זייער אחדות האָבין זייא דאָך נישט גימאַכט.

---

„ויהי אחר הדברים האלה, והאלהים נסה את אברהם“. אונד עס איז גיוועזן נאָך דיעזע אַללע בעגעבענהייטען אונד גאָט האָט געפּרופט אברהם׳ן אויב ער וועט איהם פאָלגין.

עס שטעלט זיך דיא פראַגע: וואָצוא האָט גאָט גי־דאַרפט פּרופין אַברהם׳ן? אַ מענש ווען ער שטעלט איין אַ דיענער ברויכט ער איהם פּרופין, אויב ער קען אויף איהם פאַרטרויען זיין פערמעגין. גאָט אָבער ווייסט דאָך אַללעס האָט ער דאָך געוואוסט אַז ער וועט איהם פאָלגען.

נאָך מיין מיינונג אָבער איז דער צוועק פון דער עקידה גאָר גיוועזן אַ גאַנץ אַנדערע זאַך. השי״ת האָט גיוואָלט אַז יודין זאָלין בלייבין אַ פאָלק אויף עוויג.

מיר וויסען אָבער אַז אין דיא אַלטע צייטין, זענען אַל־לע קליינע פעלקער, איינגעשלינגען גיוואָרין פון דיא גרע־סערע פעלקער. וואָ האָט איהר דיא אַללע פעלקער וואָס זענען אויסגירעכינט אין תנ״ך? און אויך אַנדערע פעל־קער וואָס היסטאָריקער וויסין, עס איז פון זייא אַפילו קיין אָנדענק געבליעבען, זאָ וויא יודין זענען דאָך אויך פון שטענדיג אַ קליין פאָלק, „כי אתם המעט מכל העמים“, וואָלטין דאָך יודין אויך גיוועזן איינגעשלינגען גיוואָרין פון אַנדערע פעלקער. השי״ת בעשאַפט אָבער תמיד די רפואה פאַר דער מכה. האָט ער אין אברהםן אַריינגיגעבין אַ נשמה וואָס קומט פון מקור העליון. דיא נשמות זאָלין איבער געהן צוא יודין בירושה פון אברהםן, אין יעדין דור ביז דיא וועלט וועט עקזיסטירין. און קוים דרייען זיך הערום צווי־שען יודין זאָלכי נשמות, זאָ העלפט שוין קיינע פלעהנער קיינע חכמות. אונד מיר קענען עס אויך פערשטעהן מיט

אַ שכל: אַ קראַפט וואָס קען פיהרען זאַלכי מאַשינען וויא דיא זון, און אויך אַנדערע מיליאָנען גרעסערע שטערן, וואָס קען ווירקען אַ מאַכט פון אַ פאָלק?

דענקט נאָר: לבן האָט נאָכגעיאָגט יעקב'ן מיט אַ גאַנצער מחנה, מיט דעם גידאַנק עס זאָל פון יעקב'ס הויז קיין אָנדענק בלייבען. דאָ האָט זיך אָבער אַריינגעמישט אַ נשמה וואָס קומט פון דער ריכטיגער מאַכט, און אויס גידאַנקין, אויס פלעהנער.

פרעה האָט געווים געוואָלט פטור ווערין פון דיא יודין. נוא פרעג איך אייך, האָט אַזא לאַנד מצרים, נישט גיקענט איין עצה געבין אַנטקעגין זעקס הונדערט טויזינד פאַר־שקלאַפטע און אויסגעמאַטערטע יודין? איך דענק דאָס שטאַרקע פאָליסלייט אויף פערד, בלויז איין דוצענט, וואָל־טין זיך אויך גיקענט איין עצה געבין. דאָ האָבין זיך אָבער אַריינגעמישט משה מיט אהרן, וואָס זייערע נשמות זענען גיוועזן פון דער אמתר מאַכט. אונד געה זייא אַ חכם אַנקעגין זאָלכער מאַכט.

און דאָס זעלבע איז אויך אין יעדין דור. דאָס וואָס איז גיוועזן, דאָס איזט יעצט, און דאָס ווירד זיין זאָ לאַנג דיא וועלט וועט עקזיסטירין.

אונד אין יעדין דור מוסין זיך גיפינען דיא זעלבי נשמות וואָס זענען בערייט צוא געהן אויף דער פייער עקידה, וויא אברהם אבינו. זאָנסט וואָלטין יודין נישט עקזיסטירט. און דאָס איז וואָס עס געהט הערום אַ לעגענדע צווישען יודין, דאָס אין יעדין דור מוזין זיך געפינען ל״ו פערבאָרגענע צדיקים. נאָר מיין טהעאָרי איז עטוואָס אַנדערש.

עס מוס נישט גראַדע זיין זעקס און דרייסיג; עס מעג

אויך זיין זיעבען און דרייסיג, און אויך זיעבען און זיעבענ־ציג. און זייא מוסין אויך נישט זיין פערבאָרגענע. זייא קענ־נען זיין אין דער עפענטליכקייט. א איז דאָך אַ פראַגע פאַר־וואָס זאָג דיא וועלט פערבאָרגענע? וועל איך אייך דאָס ערקלעהרין:

ערשטינס: דער וואָס ווירד געבאָרין מיט זאָלכער נשמה ווייסט אַליין אויך נישט אויב ער איז אַ צדיק. בייא איהם איז דאָס אַ נאַטירליכע זאַך: אַזוי וויא דער וואָס ווירד געבוירין מיט דער נאַטור אַ קאָמפּאָזיטאָר אָדער אַ חזן אָדער איין ערפינדער. דער חזן ווייסט ער דאַרף זיך גאָר־גלען; דער ערפינדער ווייסט ער דאַרף אויסגעפינען אַ נייע זאַך. יאָה געלד נישט געלד; יאָה כבוד נישט כבוד; דיא נאַטור טרייבט איהם ער זאָל דיעזע און דיעזע זאַך אויס־פאָרשען.

אונד זאָלין מיר זאָגען אַז ער ווייסט שוין יאָה אַז ער איז אַ צדיק. קען ער דאָך נישט אָנהענגין אַ מעשענע בלע־כיל אויף דער ברוסט וויא אַ פּאָליסמאַן, און אויסקריצען: „צדיק". פּרנסה אָבער דאַרף ער דאָך. נוא ווירד ער אַ וואַ־סער טרעגער, אַ ליים פיהרער אד"ג. מיר האָבין דעם בייְ־שפּיעל גיזעהן בייא ר' ישראל בעש"ט זצ"ל, דעם טאַטע פון אַללע צדיקים וואָס זענען ביז יעצט. ער איז גיוועזן אַ צייט לאַנג אַ ליים פיהרער. ווען ער איז אָבער, דורך וועל־כער סיבה נתגלה גיוואָרין, האָט ער שוין קיין ליים גע־פיהרט.

דען אין אמת: וואָס האָט ער גיקענט דיא וועלט בע־רייכערין מיט זיין ביסיל ליים?

אין וואָס האָט ער אָבער בערייכערט דיא וועלט ווען

ער איז נתגלה געוואָרין? דאָס וויססען שוין אַללע אמתע יודין. ער האָט דער וועלט גיגעבען ליכט.

דאָס זעלבי איז אויך מיט וועלטליכע ערפינדער.

דער צדיק בערייכערט דיא וועלט. ער גיבט דער וועלט ליכט, און איבער אַללעס איז דאָס, וואָס איך האָב בעפאָר געשריבען: דאָס דער עקזיסטענץ פון יודין הענגט אין דיא צדיקים וואָס געפינען זיך אין יעדין דור.

---

„ויאהב יצחק את עשו, כי ציד בפיו". און יצחק האָט ליעב גיהאַט עשו'ן, און רבקה האָט ליעב גיהאַט יעקב'ן. דער גאַנצער פסוק איז זעהר שווער צוא פערשטעהן.

מיר ווייסען דאָך אַז דיא תורה איז געגעבין גיוואָרין צוא יעקב'ס קינדער, נישט צוא עשו'ס קינדער, לסוף קומט גאָר דיא תורה און שטעלט אַ פסוק, אַז יצחק האָט ליעב גיהאַט עשו'ן.

ספרי קבלה שטעלין אויך דיא פראַגע. גיוועהנליך ספרי קבלה, פערענפערין עס: יצחק מיינט דער גוף. דער גוף האָט ליעב דיא מדות פון עשו. רבקה מיינט דיא נשמה. דיא נשמה האָט ווידער ליעב דיא מדות פון יעקב. נאָר אַזוי וויא איך וויל דאָס פערענפערין אויפן גאַנץ פשוטן שכל וועל איך דיא ספרי קבלה נישט פאָרברינגען.

דער מדרש ערקלעהרט שוין אַפילו דעם פסוק אויפן פראָסטין פשט. „כי ציד בפיו", עשו האָט גינאַרט דעם טאַטין מיטן מויל. ער האָט איהם גיפרעגט וויא אַזוי גיבט מאַן מעשר פון זאַלץ און שטרוי, האָט יצחק גידענקט אַז ער איז אַ צדיק אין פעלץ.

דער מדרש לייגט זיך מיר נישט אויף מיין שכל. וואָס הייסט, ער האָט יצחקן גינאַרט? אַ קליינינקייט אַזאַ יצחק, אַ קעניג, אַ נביא, זאָל מאַן קענען נאַרין? דאַן ווייסען מיר דאָס בייא עשו'ן איז כבוד אב גיוועזן טהייער. און נאָר אין דעם איינציגען זכות איז ער גיוועזן זאָ רייך, זאָל איך דען זאָגין אַז ער האָט דעם טאַטין גיוואָלט נאַרין? נאָר איך האָף להשי"ת אַז ער וועט מיר אַריין געבין אין מיין מוח איך זאָל עס פערענפערין מיטן שכל הישר.

זאָלין מיר נאָר פערשטיין דיא עובדא פון דיא צווייא

קינדער. עשו איז גיגאַנגגין אין וואַלד אַריין. גישאָסין חית גיאַקערט אין פעלד אד"ג. יעקב אבינו ווידער, האָט פערשטאַנען אַז נישט פאַר דעם צוועק האָט גאָט בעשאַפין דעם מענשין.

דען אייגענטליך זאָלין מיר נאָר גוט בעטראַכטין, מיט איין אמתן מוח און זיך נישט וועלין נאַרין, אַז אַללעס גיבט נאָר גאָט, און דער מענש טהוט גאָרנישט.

אַז דער מענש איז בעשאַפין גיוואָרין האָט ער שוין גיטראָפין אַללעס פערטיג. אַללע חיות, אַללע בוימער, אַללע פירות. מיר זעהן אָבער דאָך אַז דער מענש אַרבייט. דיא אַרבייט איז בעשאַפין וועגין איין אַנדערן צוועק. דאָס וועל איך ווייטער ערקלעהרין, און אַזוי וויא השי"ת האָט גיקענט בעשאַפין אַזאַ וועלט מיט אַזוי פיהל חכמה, מיט אַללע ברואים; און ווען דיא פעלדער ברויכין רעגין זאָל זיין רעגין; און ווען זייא ברויכין היץ זאָל זיין היים, וואָלט ער גיווען גיקענט אויסקומין אָהן דעם פאַרמער, וואָס געהט דורך דאָס פעלד מיט דעם שטיקיל אויסגישטשערביטען אייזען וואָס מיר רופין אַקער.

דעם בעוויז קענט איהר זעהן אַז השי"ת וויל אַמאָהל בעשטראָפען אַ געגענד אָדער אַ גאַנץ לאַנד, זאָ איז דאַמאָלס, ווען עס דאַרף זיין רעגין שיקט ער גאָר אַ היץ; און דאַמאָלס ווען עס דאַרף זיין היים, שיקט ער גאָר אַ רעגין מיט אַ שטורם. ממילא קומט שוין דעריבער אַ מגיפה אויף דיא שאָף. דיא ווערימלאַך וואָס שפינען זייד, שטאַרבין אוים, און אוים פאַרמער מיט זיינע בולבעס; אוים קירזנער מיט זיין מאָדערנעם פעלץ; און אוים שניידער מיט זיין זיידענע דרעס.

און עס קומט אויס וויא דיא וועלט זאָגט אַ שפּריך וואָרט: „נייא מיר נישט קיין שיך און זייא נישט מיין פּע־טיר“. יעקב אבינו, דער גרויסער צדיק, האָט פערשטאַנען אַז דעם באַשעפער פון דעם אַללעם וואָס ער האָט אָנגע־גרייט פאַר דעם מענשין, דאַרף מאַן איהם דיענען, ער זאָל פאַר זיין גאַנצער אַרבייט האָבין אַ שטיקיל נחת רוח.

און איך וועל אייך דאָס געבין צוא פערשטיין מיט אַ משל.

איך גידענק אַז איך בין גיוועזן אַ יונגעל, לערך זיעבען אָדער אַכט יאָהר, בין איך דאָך גיגאַנגין אין אַ חדר. קוים בין איך נאָר אַהיים גיקומין איז שוין דער מיטאָג גיוועזן אויפן טיש, בכדי איך זאָל שוין אָבעסין און צריק אין חדר. איינמאָהל אָבער האָט זיך מיר נישט געגלוסט צריק צוא געהן אין חדר. זאָ בין איך אַריינגיגאַנגען אין קאַממער, מיר האָבין דאַמאָלס גיהאָדעוועט עטליכע גענז אויף פסח, און האָב אָנגיפאַנגען צוא בעלבאַטעווען בייא דיא גענז: אונטערגיבעט שטרוי, דערלאַנגט וואַסער, אד"ג. דיא מאַ־מע עליה השלום, איז אַריינגעקומין אין קאַמער און טרעפט מיך דאָרט. דיא מאַמע, זייענדיג דיא טאָכטער פון דעם צדיק ר' הירש קאָפּיל, האָט דאָך גיוואָלט איהר קינד זאָל אויך זיין אַ שטיקיל לייט. זאָ פאַנגט זיא אָן מיט מיר צוא טענען: פאַרוואָס ביזטו נישט גיגאַנגין אין חדר? איך ענ־פער איהר אָבער: זעה אַליין, דיא גענז דאַרפען דאָך אַ ביסיל שטרוי; עס פעהלט זייא וואַסער. דיא מאַמע ענ־פערט מיר אָבער: נאַריש קינד, וואָס דאַרף איך דיין אַר־בייט? וואָס וועלין טוהן דיינע שוועסטער? בעסער געה אין חדר. אַז דיא וועסט אי"ה קענען לערנען, און ווירסט

אויסוואַקסין אַזאַ צדיקיל ווייא דיין זיידע, וועל איך דאָך האָ־
בין תענוג אויף דער וועלט, און אויף דער אייביגער וועלט.
אָבער פון דיעזער אַרבייט וואָס קען איך האָבין?

אָט דיא זעלבי טענה איז גיוועזן פון רבקהן צוא יעקבן.
יעקב האָט אָבער גיענפערט: יאָה, מאַן דאַרף דאָך אָבער
פרנסה? רבקה האָט אָבער גיענפערט: עשו געהט דאָך
אין וואַלד אַריין שיסין האָזין? דיא האָזין האָט ער דאָך
נישט בעשאַפין, און נישט ער גיבט זייא עסין. ער שיסט
אַזויא פיהל האָזין, קען ער נאָך קראַנק ווערין פון צוא פיהל
עסין. זאָ וועט ער דיר אויך געבין וועניגסטענס אַ פעלכיל
פון אַ האָז. וועט פאַר דיר געננוג זיין. אַ צדיק ברויכט דאָך
נישט פיהל עסין. און דאַפיר וואָס דיא וועסט דיענען השי״ת
וועט שוין קב״ה זאָרגין דיא האָזין זאָלען האָבין וואָס צוא
עסין, און עשו זאָל האָבין וואָס צוא שיסין. און אויב ער
וועט אַליין נישט פערשטעהן אַז דיא דאַרפסט אויך לעֿ־
בין, ביזטו דאָך יעקב, וועסטו שוין מאַכין אַזאַ דריידיל,
אַז דיא וועסט בייא איהם אויסנאַרין אַ פעלכיל.

יצחק אָבער אַלס קעניג און נביא, האָט דיא זאַך אַנ־
דערש פערשטאַנדין. ער האָט פערשטאַנען אַז עשו וועט
פון דיא אַללע מעשות נישט וויסען, און וועט אַלץ שרייען
אַז יעקב האַלט איהם אין איין נאַרען. און איהם בעטראַכ־
טין אַלס אומזאָנסטיגען פרעסער. וואָס הייסט, איך לויף
אין וואַלד אַריין און שיס אויס חיות, קומט גאָר דער גנב און
נאַרט בייא מיר אויס איין פעלכיל?

און דעריבער האָט דיא תורה אַנידער גישטעלט:
„ויאהב יצחק את עשו“. אַרבייט דאָס זעלבי וואָס עשו.
יאָה, אָבער ווער וועט לויבין און זאָגין שירות ותשבחות

צוא השי״ת, פאַר דעם וואָס ער האָט אונז אַלעס בעשאַ־פין? דאַמאָלס ווען איך וועל ווערן אויפשטיין חצות, וויא דוד המלך ע״ה האָט גיזאָגט: „חצות לילה אקום להודות לך״, האַלבער נאַכט שטעה איך אויף דיך צוא לויבין, דאַ־מאָלס וועל איך דאָך גאָר ליעגען אויף דעם גילעגער און זיך נישט קענען ריהרען פון דעם טאָגידיגען אַרבייט.

דערויף ענטפערט איהם יצחק, וויא דער ענגלישער זאָגט, נעווער מיינד. אַז דוא וועסט אויפשטעהן צוא מאָר־גענס, און וועסט זאָגין מיט מסורת נפש „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״, און ווירסט פאַר השי״ת מפקיר זיין דיין לעבין, אַזויא וויא איין אמת׳ר גענעראַל איז מפקיר זיין לעבין פאַר זיין קעניג, זאָ ווירסט דוא בייא השי״ת שוין זיין גרעסער וויא אַ מלאך. מלאכים זאָגין אויך „ברוך שם כבוד מלכותו״ זייא אַרבייטין אָבער נישט.

עס זעהט אָבער אויס אַז יעקב האָט גינעהמין רבקה׳ס עצה, און האָט דאָך אויסגינאַרט דיא ברכות.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויעזען אַז יצחק איז דאָך גיוועזן אַ גרעסערער חכם. וואָס איז גיוואָרין? יעקב איז אַנ־טלאָפין צוא לבנ׳ן און האָט זיך בייא דעם גנב אָבגיוואַל־גערט און געשקלאַפט צוואַנציק יאָהר, און עשו איז גע־בליעבען בייא דיא פעלדער און וועלדער און איז גיוועזן אַ גאַנצער קעניג.

און דיא גישיכטע קומט מיר פאַר, וויא אַ יונגעל איז אַמאָהל גישטאַנען אין גאַס און האָט גיהאַלטין אַ קליינע זילבערנע מטבעה. זאָלין מיר זאָגין אַ צעהן סענט שטיקיל. עס איז גראַדע פערבייא גיגאַנגין אַ מאַן און האָט חשק בע־קומין צוא דער מטבעה. זאָ צייגט ער דעם יונגעל אַ גרויסע

קופערנע מטבע, זאָלין מיר זאָגין אַ צווייא סענטיגען, און זאָגט צוא איהם: דאָ האָסטו דיא גרויסע מטבעה, נאָר גיב מיר דאָס קלײנע שטיקעלע. דאָס יונגעל האָט צוא גיחאַפּט דעם צווייא סענטיגען מינץ, און לויפט אריין אין הויז מיט אַ שרעק און שרייט צוא דער מאַמען: גיוואַלט בעהאַלט מיך! דיא מוטער פרעגט דעם קינד, וואָס איז גישעהן מיט דיר? דאָ צייגט ער איהר דיא גרויסע קופערנע מטבעה. זעהסטו, דיא מטבעה האָב איך אויסגינאַרט בייא אַ מאַן, און איך האָב מורא ער וועט מיר נאָכלויפין, און וועט מיך גוט צוא הרגנען.

וויא איהר קענט פערשטעהן האָט דיא מוטער גיזאָגט: נאַריש קינד, ער האָט דיך אָבגינאַרט.

און אַזויא געהט עס שוין מיט יעקב און עשו אין אַללע דורות.

יעצט וועל איך צוריק געהן צום ענין וואָס איך האָב בעפאָר געשריבען: דאָס דער מענש שאַפט גאַרנישט, און אַלעס וואָס דער מענש בעזיצט האָט גאָט גיגעבין. אַלזאָ פרעגט זיך דאָך דיא פראַגע: אויב גאָט גיבט אַללעס, פאַר־וואָס דאַרפען מיר אַרבייטען? אויף דעם וועל איך אייך ענפערין.

זאָ וויא דיא חכמה עליונה האָט בעשאַפין דעם מענ־שין מיט אַ מויל, ער זאָל קענען אַריינעהמין דאָס עסין, אונד פון דעם מויל זאָל עס איבערגעהן צוא אַצווייטין אינ־סטרומענט, אונד פאָן צווייטין צום דריטען אז״וו און וויי־טער, אונד אויף דיעזען אופן ביז דאָס עסין קומט צום קאַ־נאַל איז עס שוין גוט אויסגיאַרבייט, זאָ איז אויך צוא דיעזען צוועק גיגעבין גיוואָרין דיא אַרבייט. אונד ווען איהר אַר־

בייט נישט קענט איהר פון דיעזע אַללע עסנס קיין נוצען האָבין.

אויב איהר בעקלאָגט זיך פאַר אַ דאָקטאָר דאָס אייער קערפער איז געזונד, נור איהר האָט קיין אַפּעטיט צום עסין, האָט ער פיר אייך קיין אַנדערע רפואה, נאָר איהר זאָלט אָנשאַרפין אַ זעגיל און אַ העקיל, און צואהאַקין אַ הויפען האָלץ.

און וואָלט טאַקי דיא חכמה עליונה געוואוסט דאָס אייער קערפער דאַרף נישט דיא אַרבייט, וואָלט זיא גיוועזן אַללעם גיגעבין אָהנע אַרבייט.

דעם בעווייז דאַפון קענט איהר האָבין: דיא חכמה עליונה האָט געוואוסט דאָס לופט און וואַסער דאַרף מאַן האָבין יעדע סעקונדע. און צוא אַרבייטען דערויף איז קיין צייט, האָט זיא טאַקי בעשאַפין דאָס איהר האָט דאָס אָהנע אַרבייט.

לופט פערשטעהט דאָך יעדער אַז ער האָט דאָס איבעראַל. און וואַסער איז אויך דאָס זעלבי. וואָ איהר שטעלט אייער פוס האָט איהר וואַסער. אַפילו אין דיא מדבריות, וואָ דיא היץ ברענט וויא פייער. אונד פיהלע מענשין דענקין אַז דאָרט איז קיין וואַסער, דענקין זייא נישט ריכטיג. וואָ איהר ווע טדאָרטין שטעלין אַ פוס, און גרובין, געפינט איהר וואַסער. אונד דאַפיר זאָגין מיר דיא ברכה: „רוקע הארץ על המים“. ער האָט אויסגעשפרייט דיא ערד אויפן וואַסער.

„ויצא יעקב מבאר שבע וילך חרנה“. און יעקב איז אוועק גיגאַנגין פון באר שבע און איז גיגאַנגין נאָך חרן.

רש״י איז קשה גיוועזן צוא וואָס דאַרף דיא תורה שטע־לין אַז ער איז אַוועק פון באר שבע? ער האָט דאָך גע־וואָנט אין באר שבע? פערשטעהן מיר דאָך אַליין אַז פון דאָרט איז ער אַוועק? אויף דעם ענפּערט רש״י: אַז אַ צדיק געהט אַוועק פון אַ שטאָד מאַכט ער איין איינדרוק. עס געהט מיט איהם אַוועק דיא שיינהייט, דיא ליכטיגקייט.

רש״י הקדוש האָט עס זעהר גוט פערענפערט. ע״פ אמת ורוח הקודש. ער האָט אָבער גילעבט אין אַנדערע צייטען. פאַר אונזערע צייטען אָבער, איז דאָס זעהר קורץ גיענטפערט. ווייל עס געפינען זיך הונדערטער און טויזינ־דער מענשין, וואָס זאָגין: קומט מיר דען קרימינאַל, אַז איך וויל נישט גלויבין וואָס רש״י האָט געשריבען? איך וויל דאָס אָבער שרייבען באריכות, און געבין צוא פערשטעהן מיט אַ שכל, דאָס יעדער מענש זאָל מודה זיין דאָס עס איז ריכטיג, אונד אנדערש קען עס נישט זיין.

יעדער פון אייך האָט געווים גיהערט פון אליהו הנביא. דער ויידע אָדער דיא באָבי, האָט איהם דערצעהלט אַז אליהו הנביא איז אַריין גיקומין אין אַ הויז אַריין איז דאָס הויז גיבענטשט גיוואָרין. מאַן גיסט אָן אַ כוס ביים סדר פאַר אליהו הנביא׳ס וועגין, יעצט פרעג איך אייך: האָט ווער גיזעהן אליהו הנביא? אויב איך האָב איהם נישט גי־זעהן בעת איך בין געזעסען זעקס יאָהר כסדר מיט הרבי אלימלך זצ״ל, און גילערנט דורך דיא נעכט, האָט איהם איין אַנדערער מן הסתם אויך נישט גיזעהן.

איהר האָט אויך געווים גיהערט דערצעהלין פון שדים.

אין אַ הויז האָבין זיך אַרום גידרעהט שדים, האָבין איבער־גיקעהרט קוּימענים, טעפּ אד״ג. האָט ווער גיזעהן שדים?

איהר האָט געווים אויך גיהערט פון מענשין וואָס גי־בען אין הרע, און יענער איז פון דעם קראַנק גיוואָרין, אָדער געשטאָרבין.

אַלזאָ: קיינער האָט אליהו הנביא נישט גיזעהן; שדים אויך נישט, וואהער קומט עס דאָס אַ גאַנצע וועלט זאָל זאָגין אַ ליעגען? עס איז דאָך געשריעבען „קול המון כקול שדי״. וועלטס שטיממע איז גאָטס שטיממע. זאָ וועל איך אייך דאָס אַלעס איינציגוויז ערקלעהרין, און איהר וועט מודה זיין אַז וועלטס שטימע איז טאַקי גאָטעס שטימע.

איהר דאַרפט אָבער דאַצוא גוט צואלייגען אייער מוח. זאָלין מיר אָנפאַנגין נעהמין אַ חשבון, פאַנוואָס לעבט דער מענש? וואָ נעהמט ער כוח צוא אַרבייטין, דענקין, רעהדין, אד״ג? איך וויים איהר וועט מיר ענטפערן: וואָס הייסט פון וואָס? אַ מענש עסט און טרינקט האָט ער קראַפט. דעם בעווייז האָט איהר, זאָל אַ מענש נאָר נישט עסין אַ טאָג אָדער צווייא, האָט ער שוין קיין קראַפט.

נאָר אויב איהר דענקט אַזויא האָט איהר אַ גרויסען טעות.דעם מענשינס כוח קומט פון דעם וואָס ער פערדייעהט דאָס עסין. דעם בעווייז האָט איהר זאָל אַ מענש עסין דיא בעסטע מאכלים, נאָר ער קען עס נישט פערדהייען, זאָ ווירד ער גאָר קראַנק פון דעם עסין. אַלזאָ דאָס וואָרט פער־דהייען ווייסט יעדער. נאָר וואָס פערדהייען מיינט, איז זעהר וועניג מענשין פערהאַנדין, וואָס פערשטעהן. און דאָס וועל איך דאָ ערקלעהרין.

פאָן אַ העכערע קוועללע איבער אונז, דאָרט וואָ מיר

זעהן נישט, קומט אַריין אין דער לופט וואָס איז נאָהנט צוא אונז, פערשיעדענע גייסטיגע מאַטריאַלען אונד ווען אַ מענש ציהט אין זיך אַריין דיעזע מאַטריאַלען, זאָ פער־דהייעט ער דאָס עסין. דיא פראַגע שטעלט זיך אָבער פאַר־וואָס איזט עס אַזויא? זאָ וועל איך דאָס ערקלעהרין.

איהר זאָלט וויסען דאָס דיא אַללע כוחות וואָס קומין פון אַ העכערע קוועללע, דאָס הייסט פון קב"ה אַליין, זע־נען דעם גשמי עסין אַ בלוטיגער שונא. און זאָ וויא דער מענש ציהט אין זיך אַריין דיא מאַטריאַלען וואָס קומין פון דעם מקור העליון, זאָ בעפאַללען זייא דאָס עסין, זאָ וויא איין אַרמעה אויף א שונא, און מאַכין פון דעם עסין אַ באַרג אַשעס.

יעדעס עסין אָבער, אויסער דעם וואָס איהר זעהט האָט אין זיך אויך אַ נשמה וואָס איהר זעהט נישט. ווייל יעדע זאַך וואָס וואַקסט מוס צוא זיך צוא ציהֶן אויך אַ נשמה פאָן אַ העכערע קוועללע. זאָגסט וואָלט דיא זאַך נישט גי־קענט וואַקסין. נישט אַללע געוועקסע ציהן פון איין קוואַל. מאַנכע ציהן זייער נשמה פאָן דער זון; טהייל פון אַנדע־רע מזלות.

אָט פון דיעזער נשמה וואָס געפינט זיך אין עסין, מאַ־כען שוין דיא מאַטריאַלען קיין תל. פאַרוואָס? ווייל דיא נשמה וואָס געפינט זיך אין עסין זענין זייא דאַך קיינע שונאים. אדרבא דאָס איז דאַך זייער גוטער ברודער, וואָס קומין אויך פון אַ העכערע קוועללע.

אָ טריעזע נשמה פון דעם עסין בלייבט שוין אין מענ־שין. און דאָס גיבט איך כוח צום אַרבייטען, דענקין, רעה־דין, אד"ג.

יעצט וועלין מיר קומין צום ענין פאַן אליהו הנביא און שדים.

איהר זאָלט וויסען דאָס עס איז פערהאַנדין צוויי אַלייע כוחות. דער כוח פון דער קדושה, און דער כוח הטומאה. דער כוח פון דער קדושה קומט פון׳ם מקור החכמה עליונה, פון כביכול אַליין, און דאָרט וואָ עס זענען אַללע הייליגע נשמות וואָס זענען בעשאַפין גיוואָרין פון ששת ימי בראשית.

עס איז אָבער אויך פערהאַנדין אַ געגען זייט: דיא טומאה. טומאה קומט שוין פון איין אַנדערע קוועללע, פון דעם שאול תחתית. דיעזע צווייא כוחות זענען זיך שונאים איינער דעם אַנדערן.

ווען איהר זאָלט נעהמין צווייא מענשין איינער וואָס האָט אין זיך דעם גאַנצין כוח פון דער קדושה, אונד דער צווייטער וואָס האָט אין זיך דעם גאַצין כוח פון דער טומאה, און איהר זאָלט דיא צווייא מענשין שטעלין איינעם געגען דעם אַנדערן, וועט איהר זעהן דאָס איינער פון דעם צוויי־טין וועט מוסין אַנטלויפין, גאָר אָהנע שום אורזאַכע.

אַלזאָ דער קערפּער וואָס איז געבוירען פון אבות אבותיו פון ריינע גופים, און אַליין אַרבייט ער אויך דאָס זיין קערפּער זאָל זיין בקדושה ובטהרה, דיעזער קערפּער, ציהט צוא זיך צוא, דעם כוח פון דעם אָרט וואָ אַללע היי־ליגע נשמות זענען בעהאַלטין. אונד אויך פון דער חכמה עליונה.

אַט דער זעלבער מענש ווען ער געפינט זיך אין אַ הויז אָדער אין אַ שטאָד, דאָרט איז ליכטיג, אונד דאָס הייסט: דאָרט איז אליהו הנביא. פאַרוואָס? ווייל ער האָט

דאָך אין זיין גוף פון דיעזעלבע נשמות וואָס אליהו הנביא. געהט ער אָבער אַוועק פון דעם הויז, אָדער פאַן דער שטאָד, ווירד פינסטער. פאַרוואָס? האָט ער אפשר דאָס הויז אָדער דיא שטאָד, פאַרשאָלטין? אָה ניין! אַ צדיק שילט נישט. נאָר פאַרוואָס דען? וועל איך אייך דאָס געבין צוא פערשטעהן מיט אַ משל.

איך האָב אַמאָהל געהערט פון אַ וועלטס רייזענדער דאָס עס איז פערהאַנדין אַ לאַנד וואָס איז דאָרט שטענדיג פינסטער. וויא מיר קענען פערשטעהן, איז אין זאָלכין לאַנד נישט פערהאַנדין קיין עלעקטריק, אָדער אנדערע ליכט מאַטעריאַלען. בייא צופאַל אָבער האָבין זייא געטראָפין אַ דיימאָנד, וואָס לייכט וויא עלעקטריק.

אַלזאָ זאָלין מיר זאָגין: אַ מענש האָט אַמאָהל גיהאַט דיא זכויה ער זאָל פון דאָרט בעקומין אַ דיימאָנט. וויא געוועהנליך, אַ דיימאָנד שפּיעלעט מאַן צוא אויף דער ברוסט, וויא מיר קענען פערשטעהן, אַז דיעזער מענש איז אַריין געקומין אין אַ הויז וואָס איז גיוועזן פינסטער, איז דאָך גיוואָרין ליכטיג אין הויז. קוים איז ער אַוועק גיגאַנגען, איז ווידער גיוואָרין פינסטער. נוא האָט ער דאָס הויז פערשאָלטין עס זאָל זיין פינסטער?

נאָר אויב איהר דענקט אַז אַנדערע פעלקער ווייסען נישט פון דעם סוד, אַז צווישען יודין האָבין זיך געפינען, און געפינען זיך יעצט אויך, זאָלכי מענשין וואָס טראָגין זאָלכין דיימאָנד אויף דער ברוסט, זאָ האָט איהר אַ גרויסען טעות. דען ווען פעלקער זאָלין דאָס נישט ווייסען וואָלטין מיר יודין נישט גיקענט עקזיסטירען צווישען דיא פעלקער.

און דאָס איז דער פשט פון „ויצא יעקב מבאר שבע“: אַז יעקב איז אַוועק פון באר שבע, איז מיט איהם אַוועק דיא ליכטיגקייט.

יעצט ווע͏לין מיר קומין צום ענין פון שדים, און פון מענשין וואָס האָבין שלעכטע אויגען.

עס איז ווידער פערהאַנדין אַזעלכע קערפּער, וואָס זענין גיבוירען פון אבות אבותיו, וואָס ציהן צוא זיך צוא פון דעם כוח הטומאה. פון דעם זעלבען כוח וואָס ווילדע חית ציהן; פון דעם זעלבין כוח וואָס שלאַנגען, קראָקאָדי־לען ציהן. דיעזע מענשין ווען זייא געפינען זיך אין אַ הויז, אָדער אין אַ שטאָד, האָט איהר שדים. פאַרוואָס? ווייל ער האָט דאָך אין זיך דיא נשמה פון׳ם מקור הטומאה. פון דעם זעלבין מקור וואָס דיא שדים קומין. דיעזער מענש ווען ער לייגט זיין אויג אויף אַ מענשין, אָדער אפילו אויף זיין פערמעגין אָדער הויזגעזונד, און אויף יעדע זאַך וואָס ער לייגט זיין אויג, איז פונקט וויא אַ שלאַנג. הפנים דיעזע מענשין האָט דאָס דוד המלך ע״ה אַזויא פיינד גיהאַט, און האָט זייא גישאָלטין מיט פערשיעדענע קללות: „רשעים יכרתו“, „דרך רשעים תאבד“, „יהיהו כחציר גגות“, און נאָך אַנדערע פערשיעדענע קללות, און האָט נישט גיקענט שטילען זיין הארץ.

נאָר אויב איהר דענקט דאָס עין הרע איז אַ באָבי מעשה, האָט איהר אַ טעות. טויזינדער און טויזינדער גי־לערינטע מענשין, האָבין זיך שוין איבערצייגט. אונד איך אַליין אויך. עס ווירד אויך געשטודירט אין דער פסיכאָלאָ־גי וויסענשאַפט.

„ועתה ישראל מה ד׳ אלוהיך שואל מעמך כי אם ליראה״. אונד יעצט ישראל וואָס פערלאַנגט דען גאָט פון דיר? נאָר זאָלסט פיר איהם מורא האָבין.

ווער עס איז בעקאַנט אין לשון הקודש, ווייסט דאָס דער וואָרט „מה״ בעציהט זיך אויף אַ קליינינקייט. למשל ווען איהר פערלאַנגט פאָן איינעם אַ גלאָז טעה אד״ג, קענט איהר זיך בענוצען מיט דעם וואָרט „מה״. ווען איהר פער־לאַנגט אָבער פון איינעם אַ ג״ח הונדערט דאָלאַר, קענט איהר זיך שוין מיט דעם וואָרט „מה״ נישט בעדיענען. אונד דעריבער פרעגט דיא גמרא איז מורא האָבין פאַר גאָט בייא דיר אַ קלייניגקייט? באַרעכינט נאָר וואָס פאַר אַ שווערינקייטען אַ פרומער יוד האָט אויף זיך. אויף דעם ענפערט דיא גמרא: יאה בייא משה רבינו איז דאָס גיוועזן אַ גרינגע זאַך. ד״ה ווייל ער איז שוין גיוועזן זאָ איינגע־וואָהנט מיט יראת השם, איז דאָס בייא איהם נישט גיוועזן שווערינקייטען.

דיא גמרא איז מיר שטענדיג קשה. רעדט דען דאָ דער פסוק צוא משהן? דער פסוק רעדט דאָך צוא ישראל: „ועתה ישראל״. איך וויל אָבער דיא גמרא אַזויא לערנין דעם פשט: „לגיבה משה״, דאָרט וואָ משה איז גיוועזן דער רבי, האָט ער גיקענט אויפציינען אַז דיא תורה איז גאָר־נישט אַזאַ שטיין אויפ׳ן קאָפ, וויא מאַנכע דענקין. אַללעס איז מיט אַ שכל הישר. אונד איך וועל אייך דאָס געבין צוא פערשטיין מיט אַ משל.

עס איז אַמאָהל גיוועזן אַ רייכער גראַף אָדער וויא מאַן רופט אין ענגליש אַ דיוק. זאָלין מיר זאָגין ער האָט בעזע־סין הונדערט מייל לאַנד. אַמאָהל האָט זיך דער דיוק מישב

גיזועץ, און האָט צואזאַמען גערופין אַללע זיינע גוטע פריינד, און האָט צוא זייא גיזאָגט: הערט אויס קינדער, איך בעזיץ זאָ פיהל לאַנד וואָצוא ברויך איך דאָס? איך בין איינער אַליין, איך האָב מיר מיין קאַטעדש אויף דיא בערג, איז פאַר מיר גענוג. איך שענק אייך דאָס גאַנצע שטיק לאַנד בעאַרבייט עס און לעבט זיך בשלום ובשלוה.

ווער עס איז בעקאַנט אין לאַנד אַרבייט, ווייסט אַז אין לאַנד אַרבייט ליעגט גרויסע וויסענשאַפט. אין אַמעריקאַ פערנעהמין אַגריקולטור שולען אַ גרויסען פּלאַץ. זאָ גוט וויא אוניווערזיטעט. מאַן מוס וויסען דיא טבע פון דער ערד. צב"ש: דיא ערד וואָס איז גוט פיר ווייצען אויב איהר וועט דאַרטין אָנבויען ציבעלים, וועט נישט גיראָהטין. דיא ערד וואָס איז גוט פיר ציבעלים, און איהר וועט דאַרטין אָנבויען בולבים (פּאַטעטים) וועט אויך נישט גיראָהטין. מאַן דאַרף אויך וויסען וויא בהמות אויפצואציהן.

זאָ וויא מיר קענען פערשטעהן זאָ איין רייכער דיוק, האָט מן הסתם גיהאַט גוטע אַגראַנאָמען, גוטע פּראָפעסאָרין, און אויך צוא דעם פערשיעדענע ביכער. ער האָט זייא דאָס אַללעס אויך מיטגיגעבין.

ויהי היום, האָט זיך גימאַכט דאָס שמואלקי האָט גיהאַט אַ שטיקיל פעלד וואָס האָט דאַרט גידאַרפט אָנבויען ווייצען. ער האָט אָבער גראַדע קיין ווייץ גיהאַט. ער האָט גידאַרפט פאָהרין פינפציג מייל ווייט דאָס צוא קויפין. וויא דיא זאַך איז גיוועזן: אויב ער האָט אפשר קיין געלד גיהאַט אָדער ער האָט זיך פשוט גיפוילט צוא פאָהרין זאָ איין ווייטע שטרעקע, זאָ האָט ער זיך מישב גיוועזן: איך האָב דאָך פּאַטעהטים. פטור וועל איך אָנבויען פּאַטעהטים....

וויא איהר ווייסט דאָך דאָס איבעראַל געפינט זיך אַ מקטרג, זאָ איז איינער גיקומין צום דיוק און ערצעהלט איהם, זאָ וויא דיינע לעהרער האָבין שמואלקין גילעהרינט דאָס אויף דעם פעלד דאַרף ער אָנבויען ווייצען, האָט ער גאָר אָנגעבויעט בולבים. דער דיוק האָט איהם אָבער גי־ענפערט: וואָס האַרט דאָס דיך, אָדער וואָס באַדערט עס מיך? הפנים איך נעהם דען אַ חלק פון דער תבואה? אויב מיינע לעהרער האָבין איהם גיזאָגט דאָס דיזעס פעלד ברויכט ווייץ וועט דאָך פּאַטעטים מן הסתם נישט גיראָה־טין. וועט דאָס דאָך זיין זיינער אייגינער שאָדיען.

דער מאַן איז אַוועק פון דעם דיוק פערשעהמט. אין אַ צייט הערום קומט ווידער אַ מקטרג צום דיוק און לאָזט איהם וויסען, אַזוי וויא דוא האָסט זייא מיטגיגעבין לעהרער האָבין זייא גאָר דיא לעהרער אַרויסגיטריבען. דער דיוק ענפערט איהם אָבער: וואָס באַדערט דאָס דיך אָדער מיך? דאָס וועט דאָך זיין זייער אייגענער שאָדען. אויב זייא וועלין קיינע לעהרער האָבין, וועלען זייא דאָך דיא לאַנד נישט ריכטיג בעאַרבייטען.

יאָה זאָגט איהם דער מאַן, דיא לעהרער זענין אָבער געבליעבען אָהן פּרנסה. דער דיוק ענפערט איהם אָבער: נו זייא האָבין דאָך הענד, פיס, שכל, זאָלין זייא אַרבייטין אין אַנדערע אַרבייט. איבעריגענס איך וועל זייא שוין בע־זאָרגען מיט פּרנסה.

דער צווייטער איז אויך אַוועק פערשעהמט.

דאַן איז ווידער געקומין אַ דריטער און ערצעהלט דעם דיוק: אַזויא וויא איך האָב מיך צוזאַממען געטראָפין מיט פּייוּוקי און זיין קאָמפּאַני, זאָ זאָג איך צוא זייא: זעהט

וואָס פאַר אַ גוטער מענש דער דיוק איז. ער האָט אונז גי־שענקט זאָ אַ גוט שטיק לאַנד, אונד פערלאַנגט פון אונז קיין שום טעקסעס אד״ג. זאָ פאַנגין זייא אָן פאָן מיר צוא לאַכין מיט דעם גרעסטען שפּאָט. ווער איז דער דיוק? עס האָט גאָר קיין מאָהל צוא איהם בעלאַנגט. מיר אַרבייטען זאָ האָבין מיר.

אָה, דאָ האָט שוין דעם דיוק׳ס צאָרן אָנגיפאַנגען צוא ברענען וויא פייער: אויב זייא ווילען מיך שוין מאַכין אוים בעל הבית, זאָ וועל איך שוין געפינען אַזעלכי וואָס וועלין מיך יאָה האַלטין פאַר אַ בעל הבית.

דאָס זעלבי איז אויך דיא תורה.

גאָט האָט אַלעס בעשאַפין פיר דעם מענשין, און האָט זייא צוגיגעבין לעהרער, נביאים, בעלי רוח הקודש און אַ תורה, זייא זאָלין וויסען וויא צוא פיהרען מיט זיך אַליין, און וויא זיך צוא בעגעהן מיט זיינע חברים. פערלאַנגען אָבער דאַפיר פערלאַנגט ער גאָרנישט. אַללעס איז נאָר פיר דיא נוצען פון׳ם מענשין. יעדע מצוה, אויסער דעם וואָס מיר זענין מאמינים בני מאמינים, דאָס דיא מצוה איז מועיל לנפש לעולם הבא, זאָ האָט אויך יעדע מצוה אייןווירקונג פיר דעם גוף. און אַז השי״ת וועט מיר געבין געזונד וועל איך אין חלק שני מפורש זיין יעדע מצוה בעזונדער, מיט איין איינפאַכין שכל, דאָס זיא איז גוט גראַדע אויף דער וועלט. און אָבוואָהל עס גיבט זאָלכי מצוות וואָס שטימ־מען נישט מיט דער יעצטיגער צייט, וויא למשל מצות יבום שמיטה קרבנות אד״ג, זענין זייא אָבער נוצליך גיווען אין דער פריהערדיגער צייט.

אַ תורה קען נישט גיגעבין ווערין אַללע מאָנטאָג און

דאָנערשטאָג. און אַללעס וואָס קב"ה פערלאַנגט איז „כי אם ליראה". ווייסט אַז איך בין דער בעל הבית פון אַללעס. און דאָס אַליין איז אויך דער נוצען פון'ם מענשין. דען וואָס אַ ווערטה האָט אַ ווירטשאַפט אָדער אַ פאַבריק, אָהן אַ בעל הבית? אונד ווען עס קומין זאָלכי מענשין וואָס שפּאָ־טין פון כביכול אונד זיינע נביאים, און מאַכין זיין נאָמען אונהייליג אויף דעם ניעדעריגסטען אופן, זאָ ברענט שוין דיא נקמה פון כביכול, און ער פערשטעהט שוין גוט וויא נקמה צוא נעהמין. ווען נישט באַלד איז שפּעהטער. ער האָט צייט. דער מענש איז דאָך וויא אין אַ שטייג. וואָ וועט ער אַנטלויפין?

איהר ברויכט דאַצוא נישט מיין הסכמה. בלעטערט דורך ספר ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל, וועט איהר שוין ווייסען דאָס ער פערשטעהט זיינע ביזנעס וויא נקמה צוא נעהמין.

און דעריבער זאָג איך: יעדע מצוה וואָס אַ מענש טהוט איז עס זיין אייגענער פערדינסט. כביכול נעמט בייא איהם קיין חלק. אונד ווען ער טהוט נישט איזט עס זיין אייגענער שאָדען.

צווייא זאַכין אָבער דאַרף דער מענש גוט גידענקין: צוא האַלטין דעם נאָמען פון השי"ת אונד זיינע נביאים היי־ליג; דיא צווייטע זאַך צוא באַגעהן זיך מיט זיין חבר וויא עס פּאַסט פאַר אַ בחיר כל היצורים.

דער יעניגער אָבער וואָס וויל פון דיא צווייא געגענ־שטענדע אויך נישט ווייסען, זאָ ציהט ער אויף זיך אַליין דעם צאָרן פון השי"ת, און זיין צאָרן איז שרעקליך.

איך גידענק אַז איך בין גיוועזן אַ יונגעל, האָב איך פון צווייא געגענשטענדע גיהאַט גרויס אויפרעגונג. דער ערשטער קליענט איז גיוועזן שימאלי. אַט וועל איך אייך דאָ פאָרשטעלין דעם קליענט.

איהר האָט דאָך מן הסתם אויך אַמאָהל גילערינט אין אַ קליין שטעטילדיגען חדר? אין אַ חדר, אין מיינע צייטין איז גיוועזן איינגעפיהרט, ווען אַ פאָטער איז געקומין צום רבין זיך בעקלאָגען דאָס זיין קינד האָט זיך נישט גוט אויפגעפיהרט אין הויז, זאָ האָט שוין דער רבי גיגעבין אַ באַפעהל וויא אַ קאָמאַנדיר דאָס דער יונגאַטש זאָל זיך אויסציהען אויף דער באַנק, און דער רבי אַליין האָט אָנגעפאַנגין אַריין ציילען עטליכע קאַנטשיקעס. נאָך דעם האָט דער רבי גימאַכט אַ פויזע און גיזאָגט צום יונגעל: זאָג אַז דיא וועסט שוין מעהר אַזויא נישט טוהן. אויב ער האָט אַזויא געזאָגט איז ער בעפרייעט גיוואָרין, און ווידער אַ פיינער מאַן. עס האָט זיך אָבער אַמאָהל געטראָפען אַ יונגעל איין עקשן, און האָט דיא ווערטער נישט גיוואָלט זאָגין, זאָ האָט דער רבי ווידער אַריינגעצעהלט עטליכע קאַנטשיקעס און ענדליך האָט ער שוין אַרויס געמורמעלט דיא עטליכע ווערטער.

אין חדר איז אָבער געוועזן איין אויסוואָרף מיטן נאָמען שימאַלי. וויאפיהל קאַנטשיקעס דער רבי האָט איהם גיגעבין האָט ער אַלץ נישט גיוואָלט אַרויסברומען דיעזע ווערטער. אַזויא וויא איך בין פון נאַטור גיבוירין אַ רך הלב, האָב איך נישט גיקענט דולדען. אַזויא האָב איך מיך אַוועקגישטעלט נעבין זיין קאָפּ און האָב אין איהם אַריינגירעדט: נאַר, שוטה, זאָג שוין דיא עטליכע ווערטער. ווירסט דאָך

ווייטער בעקומען שמיטץ. אָבער שימאַלי זאָגט „נישט“. וואָס קען איך אייך פאָרשטעלין דיא אויפרעגונג וואָס איך האָב דאַמאָלס גיהאַט.

דיא צווייטע אויפרעגונג האָב איך גיהאַט ווען איך בין געקומען צוא דיא סדרת וארא בא.

איך האָב גיזעהן וויא מאַן שלאָגט פרעהן, און ער זאָגט אַלץ „ניין“. און האָב גיזאָגט: אָה דאָס איז דער צוויי־טער שימאַלי. איך פּפלעג שפּרינגען פאַר אויפרעגונג. שוטה, בהמה, מאַן ווירד דיר דאָך געבין ווייטער מכות זאָג שוין יאָה. פרעה אָבער זאָגט אַלץ „נישט“.

אַלס איך בין עלטער גיוואָרין, האָב איך גיזעהן אַז שי־מאַלי איז גאָר אַ גאַנצער ספּאָרט, אַ קנאַקער, האָב איך אויסגעפינען אַז ער איז גאָרנישט זאָ איין שוטה וויא איך האָב גידענקט.

אי איז דאָך דיא קשיא פאַרוואָסזע האָט ער זיך גילאָזט געבין זאָ פיהל שמיץ? גאַנץ איינפאַך: בייא איהם איז דאָס גיוועזן אַ מין פּרינציפּ. פאַרוואָס זאָל ער זיך לאָזין דיקטירען פון דעם אַלטען רבין, מיט דער קאַלטינאָוועטי באָרד, און וואָס פאַר איין עולה האָט ער דאָס געטוהן, ווען ער האָט אַרויסגעגנבת ביים טאַטין אַ קוואָרטער און פערשפּיעלט אין קנעפּלאַך?

דיא מצריים האָב איך אויך אויסגעפינען זענען נישט גיוועזן זאָלכי נארנים וויא איך האָב גידענקט. אדרבא ווי־סענשאַפּטס פאָרשער האָבין גאָר אויפגעפונען אַז אין דיע־זע צייטען זענען דיא עגיפּטיער גיוועזן דאָס קליינגסטע פאָלק. דיא איינע קונסט אַליין וואָס זייא האָבין גיקענט באַלזאַמירען אַ קערפּער, ער זאָל דויערען טויזענדער יאָה־

ריז, צייגט אַז זייא זענען געווען חכמים. איז דאָך דיא קשיא פאַרוואָס האָבין זייא גיוואַרט מאַן זאָל זייא שלאָגין מיט צעהן מכות? האָבין זייא באַלד גיזאָלט אַרויסשיקין דיא יודין? גאַנץ איינפאַך: זייא האָבין נישט גירעכינט אַז דאָס איז פון גאָט, נאָר פשוט אַ נאַטירליכע זיך. צב"ש פון דעם וואַסער איז געוואָרען בלוט. מאַכט זיך דען נישט זאָלכי פעללע אַז דאָס וואַסער ווירד קאַליע? און אַזויא איז גיוועזן מיט אַללע מכות. זייא האָבין אַלץ גיזאָגט, עס ווירד פעריבער געהן. און עס איז דאָך טאַקי פעריבער גיגאַנגען. און משה האָט דאָך אָבער גיזאָגט פאַראויס אַז דיא מכות וועלין קומין? וואָס האָבין זייא זיך גיקומערט וועגין דעם אַלטען בטלן. וויא זע קומט עס וואָס זייא האָבין בייא דער צעהנטער מכה אַרויסגעשיקט? בייא דער צעהנטער מכה האָבין זייא אויך נישט געגלויבט אַז דאָס איז פון גאָט, נאָר פאַרוואָס דען האָבין זייא דאָך אַרויסגעשיקט? ווייל בייא דער צעהנטער מכה האָבין זייא שוין קיין צייט גיהאַט צוא שפעקולירען. זייא האָבין זיך באַרעכינט ביז עס וועט פעריבער געהן, וועלין זייא אַללע אויסשטאַרבין. אַלזאָ וואָס האָבין זייא שוין צוא פערליערען, פטור, זאָלין מיר זייא אַרויסשיקין. קוים איז דאָס אָבער פעראיבער דאַרף מאַן ווייטער נאָכיאָגען.

אָט דאָס זעלבי איז מיט דער יעצטיגער וועלט.

וואָס פאַר אַ צרה, רחמנא לצלן, עס קומט זאָגט מאַן אַלץ עס איז אַ נאַטירליכע זאַך. אַ מלחמה! פאַרוואָס זאָלט איהר נישט פערשטיין? דער רוס האָט גיהאַט אַ סכסוך מיטן דייטש, דאַרף דאָך זיין אַ מלחמה, אַ הונגער, וואָס הייסט? עס איז נישט גיגאַנגין קיין רעגין איז נישט געראָ־

טין. אַ חאָלארי, ר״ל! וואָס הייסט? איהר האָט דען נישט גיהערט? עס איז יעצט איין אונטערגאַנג. דאָקטוירים רופען עס מאַלאַריע פיווער. עס זאָל עס וועהמין איינפאַלען אַז דאָס האָט גאָט אַזויא אָהנגישיקט, דאָס קומט קיינעם אויף דיא געדאַנקען אפילו.

אי עס האָבין זיך אָבער געפינען צדיקים חכמים וואָס האָבין פאָראוים געזאָגט אַז עס ווירד זאָ קומין. ווער מאַכט זיך איין עסק פון אַלטע בטלנים, באַנק קוועטשערס.

און דאָס וועל איך דאָ ערקלעהרין אַז איהר זאָלט אַליין פערשטעהן מיט אייער אייגענעם שכל, אַז אַללעס קומט פון אַ העכערע קוועללע, פונקט וויא עס קומט צוא אייך אַ פאָליסמאַן מיט אַ מעשינים בלעכיל, פערשטעהט איהר דאָך אַז דאָס האָט מאַן איהם מן הסתם גישיקט פון סיטי האָל, ווייל איהר האָט פערשטעלט דעם סיידוואָהק אָדער אַנדערע זאַכין. דאָס אָבער צוא ערקלעהרין מוס עס מיך אַריינציהען געגען מיין וויללען אַביסיל אין אַסטראָנאָמיע אָדער ווי עס ווירד גערופין בלשון התהמוד „שבילי דרקיע“. איהר וועט געווים פרעגין פאַרוואָס איז דאָס געגען מיין וויללען? זאָ וויל איך אייך ענפערן.

איך האַלט תמיד פון דעם פסוק וואָס דער נביא האָט גיזאָגט: „הנה אנוכי מלמדך להועיל“. איך לערן דיך עס זאָל דיר העלפין, אונד דעריבער האָב איך תמיד נאָר גיזאָגט אַ זאַך וואָס זאָל העלפין דער וועלט אין געטליכקייט, אָדער אין עקאָנאָמישע לאַגע.

אייגענטליך איז געטליכקייט אויך אַ וועלטליכע עקאָנאָמישער סאַבדזשעקט. איין קאַפיטעל געטליכקייט וואָלט פאַר דער וועלט מעהר נוצען גיבראַכט, וויא אַללע חכמים

וועלטס פערזאָרגערס האָבין ביז יעצט אויפגעטוהן פאַר דער מענשהייט. אין געטליכקייט ליעגט וואַהרע עקאָנאָמי, געזונדהייטס אָרדנונג, אמתר יושר, אמתע הומאַניטעט. וואָס אָבער קען דער מענשהייט העלפין אַסטראָנאָמי?

צב״ש אונזערע אַלטע פילאָזאָפען, אויך בעלי רוח הקודש האָבין געזאָגט דאָס דיא ערד שטעהט אויף איין אָרט, און דיא זון דרעהט זיך הערום דיא ערד. מיין אייגענע טהעאָריע איז אויך דאָס זעלבי.

דיא יעצטיגע אַסטראָנאָמער אָבער מיט זייער מאָדערנע טעלעסקאָפען, זאָגין פונקט פערקעהרט: דאָס דיא זון שטעהט אויף איין אָרט אונד דיא ערד דרעהט זיך.

יעצט וועל איך אייך אַליין פרעגין וואָס איז אייך איין אונטערשיעד אויב דיא זון דרעהט זיך אָדער דיא ערד דרעהט זיך?

הפנים סיטי האָל שיקט אַרוים פּאָליסלייט און וויל אייך איינשפּאַנען איהר זאָלט העלפין שלעפין דיא זון. און איהר מוזט זוכין תחבולות וויא אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון סיטי האָל, איהר זאָלט נישט דאַרפין שלעפין אַללעס.

וואָס איך וויים איז, אַז דער בורא פיהרט דיא וועלט, און ער פערשטייט שוין וויא צוא פיהרען. אונד דעריבער לאָז איך דיא אַסטראָנאָמי אַנגילעגענהייטען פיר אַנדערע וואָס שטודירען אין דעם.

נאָר אַזויא וויא איך וויל דאָ ערקלעהרין על פי שכל אַז אַללעס קומט פאַן אַ העכערע קוועללע, צווינגט עס מיך איך זאָל שרייבין עטליכע ווערטער מענינא שבילי דרקיע.

איהר זאָלט וויססען דאָס אַללעס וואָס איהר זעהט, און וואָס איהר זעהט נישט, נעמליך: ערד, זון, לבנה און דיא

איבעריגע מזלות שטערן, איז נישט מעהר וויא איין קער־פער צוזאַממען, עס איז נישטאָ קיין בעזונדערע געגענ־שטענדע, און אַזויא וויא איהר קענט נישט זאָגין אַז אייער נאָמען איז שמואל, הייסין אייערע אויגען בעריל, און דיא האַנד שמעריל, נייַן. אַללעס הייסט שמואל. נאָר דיא אברים האָבין יעדעס אַ בעזונדערן נאָמען, מאַן זאָל וויסין אָנצור־רופין. און אַזויא וויא איהר קענט נישט זאָגין אַז אייער האַנד קען לעבין ווען זיא איז נישט באַהעפט צום קערפער, און אַזויא אויך מיט אַלע אברים, זאָ אויך קענט איהר נישט זאָגין דאָס דיא זון, לבנה, שטערן, קענען לעבין בעזונדער וואָלטין זייא גיוועזן יעדעס בעזונדער, וואָלט דיא וועלט נישט עקזיסטירט. אַפילו איין שטונדע. אַללעס איז איין וועלט, איין קערפער, אָנגעבונדין איינס אין אנדערן, אַזויא וויא דיא אברים מיט דיא אָדערן פון'ם מענשין זענין אָנ־געבונדען איינס אין אַנדערן.

נאָר וואָס דען איז פערהאַנדין?

עס גיבט צעהן מדרגות איינע העכער פון דער אַנדע־רע. צב"ש זאָלין מיר זעהן וואַסער און ערד. איהר קענט דאָך נישט זאָגין אַז וואַסער איז אַ בעזונדערע וועלט, און ערד איז אַ בעזונדערע וועלט. און דאָך איז אַ גרויסער אונ־טערשיד. דיא פיש קענען נישט לעבין אויף דער ערד, און דער מענש קען נישט לעבין אין וואַסער. דיא פיש וויססען נישט פון דעם מענשינס לעבין. מיר אָבער וויססען יאָה דעם אומגאַנג פון דיא פיש. אונד מיר קענין מיט זייא טוהן וואָס מיר ווילען. פאַרוואָס? ווייל מיר זענען מיט אַ מדרגה העכער, און מיר האָבין שוין אַ ווייניג צוציהונגס קראַפט פון דער חכמה עליונה. אָדער דייטליכער גיזאָגט פונם מקור

החכמה.

העכער איבער אונז איז שוין פערהאַנדין איין אַנדערע מדרגה. שוין מיט איין אַנדערן קלימאַט, וואָס אַ מענש מיט אַ גוף קען שוין דאָרט נישט עקזיסטירין. און דאָרט לעבין שוין ברואים וואָס מיר רופין מלאכים.

דעם אומגאַנג פון זייער סאָרט לעבין וויססען מיר נישט, נאָר אָבער דעם אומגאַנג פון אונזער סאָרט לעבין וויסען זייא יאָה. פאַרוואָס? ווייל זייא זענין דאָך מיט אַ מדרגה העכער פון אונז. פונקט אַזויא וויא פיש מיט מענש.

העכער פון דיעזע מלאכים איז שוין פערהאַנדין וויע־דער נאָך אַ העכערע מדרגה. דאָרט איזט שוין איין אַנדע־רע סאָרט מלאכים.

דיא מלאכים פון דער ניעדעריגע מדרגה וויסען נישט דעם אומגאַנג פון דער העכערע מדרגה. דיעזע מלאכים אָבער פון דער העכערע מדרגה, וויססן יאָה דעם אומגאַנג פון דיא מלאכים וואָס זענין אונטער זייא. פאַרוואָס? ווייל זייא זענין דאָך מיט א מדרגה העכער פון זייא.

אונד אַזוי געהט עס אַלץ איין מדרגה העכער איבער דער אַנדערע ביז ניין מדרגות.

איהר זאָלט אָבער נישט האָבין קיין טעות, אַז דיא מדרגות זענין בעזונדערע וועלטין. אָה ניין. אַלעס איז אָנ־געבונדען איינס אין אַנדערן. פונקט אַזוי וויא וואַסער מיט ערד און ערד מיט לופט. אָדער וויא אייער פוס פינגער איז אָנגעבונדען אין מוח.

פון דיא אַללע ניין מדרגות האָבין דיא נביאים אויך בעלי רוח הקודש געצויגין זייערע נביאות.

נישט אָללע אָבער האָבין געצויגין פון איין מדרגה.

דאָס איזט געוועזען אָבהענגיג אין דער צוציהונגס קראַפט פון זייערע גופים. וויא למשל נישט אַללע עלעקטריק לאָמפּען האָבין איין ליכט. עס איז אָבהענגיג וויאפיהל צוציהונגס קראַפט דיא גלאָז האָט.

משה רבינו איז געוועזען דער אדון כל הנביאים, און ער האָט געצוויגין זיין נשמה פון דער נייִנטער מדרגה, און דעריבער האָט ער משיג געוועזען מעהר פון אללע מלאכים.

אין דער צעהנטער מדרגה אָבער ליעגט שוין דער מוח. ע"פ קבלה ווירד עס גערופין אתרא דמוחין. דאָרט איז דער קוואַל פון דער חכמה. און אַזויא וויא ביים מענשין רעגיערט דער מוח און בעפעהלט אַללע אברים וואָס זאָלין טוהן, אַזוי אויך ווירד פון דעם אָרט בעפוילין צוא אַללעס וואָס עקזיסטירט, וואָס צוא טוהן. און דאָס איז דיא בעדייטונג וואָס משה רבינו האָט געבעטין: „הראיני נא את כבודיך". אַזוי וויא איך בין שוין משיג ביז דער נייִנטער מדרגה, וואָלט איך שוין געוואָלט וויסין וואָס עס טוהט זיך אין דער צעהנטער מדרגה. מאַן האָט איהם אָבער געענטפערט: אָה ניין! זאָ לאַנג דוא ביזט נאָך אָנגעקליידעט מיט אַ גוף, קענסטו דאָרט נישט וויסען.

יעצט אַז איך האָב שוין ערקלעהרט אַז אַללעס איז נישט מעהר וויא איין קערפּער, אונד אַללעס איז געבונדען איינס אין אַנדערן, וועט איהר שוין קענען לייכט פערשטעהן וויא אַזויא דער שכר און דער עונש קומט פון אויבען.

נעמט אַ ביישפּיעל פון אייער אייגענעם קערפּער. ווען איהר גיבט זיך אַ שטאָך אין פינגער פון'ם פוס, דאַרפט איהר לאַנג וואַרטען ביז אייער מוח זאָל דערשפּירען? ניין! אָט

דיזעלבע סעקונדע האט שוין אייער מוח דערשפירט. זא־לין מיר אבער זאגען אנשטאט אייער קערפער איז זעקס פוס הויך, זאל ער זיין זעקס מייל הויך, דאס ווירד זיין דאס פון אייער פוס פינגער ביז צום מוח איז א שטרעקע פון זעקס מייל, נוא? און דאמאלס אז איהר וועט זיך געבין א שטאך אין פינגער וועט דען נישט אייער מוח באלד דער־שפירען? פארוואס זאל דאס אזויא זיין? א קלייניגקייט, א מהלך פון זעקס מייל? אפילו מיט אייער אטאמאביל דארף אייך נעהמין א האלבי שטונדע ארויפצופאהרין, און לסוף האט אייער מוח דיזעלבי סעקונדע דערשפירט. יאה דיא אדערן פון דיא פיס פינגער זענין דאך אבער צוזאממען געבונדען מיט דעם מוח, אונד דעריבער האט אייער מוח באלד דערשפירט.

אט דאס זעלבי איז מיט השגחת הבורא. דער מוח מיט דער חכמה עליונה וואס ליעגט אין דעם מוח, איז צוזאממען געבונדען מיט אללעם וואס עקזיסטירט. און דעריבער קען ער אללעם וויסען און טוהן בסקירה אחת.

איך וועל אייך געבין נאָך אַ משל וועגין השגחת הבורא.

זאָלין מיר זאָגין ווען מיר זאָלין זיך קענען צוזאַממען רעהדין מיט דיא פיש, אונד מיר זאָלין צוא דיא פיש אַזויא זאָגין: הערט אוים איהר פיש, איין מענש פון אונז קען מאַ־כין אַ סוף פון אַ גאַנצין טייך פיש. וואָלטין דיא פיש אונז נישט אויסגילאַכט? זייא וואָלטין אַזויא גיענטפערט: ער־שטינס קענט איהר דאָך צוא אונז נישט קומין. ווען איהר קומט צוא אונז בלויז אויף איין מינוט זינד איהר דאָך שוין טויט. צווייטינס: מיר זענין זאָ פיהל ביליאָנען פיש; עס גי־פינען זיך אויך אונטער אונז זאָלכע גרויסע פיש ווען איהר זאָלט נאָר איינעם פון זייא אָנבליקען, וואָלט איהר שוין פאַר שרעק גיפאַללען טויט.

וואָלט אָבער זייער ענפער גיווען ריכטיג? ניין!
איך וויים וואָס פישערס האָבין מיר דערצעהלט און עס איז אמת. און איהר ווייסט דאָס וואַרשיינליך אויך.

בלויז צווייא מייל פון אונזער שטעדט'ל האָט איין מענש גימאַכט איין ענדע צוא אַ גאַנצען טייך פון מיליאָ־נען פיש.

אָט וועל איך אייך זאָגין: מאַן האָט דעם טייך בלאָקירט עס איז בלויז געבליעבען אַ קליינע עפנונג מיט אַ טיהריל פון אונגיפעהר צווייא פוס. איין מענש איז צוּאָגיגאַנגען און האָט גיעפענט דאָס טיהריל. דאָס גאַנצע וואַסער פון דעם טייך איז דורך דער עפענונג אַרויס אין אַ צווייטען טייך. אַללע פיש פון דעם טייך זענין געבליעבען אָהנע וואַסער. וואָס מיט דיא פיש איז גיוואָרין פערשטעהט איהר דאָך שוין אַליין.

פאַרוואָס איז דאָס אָבער אַזויא? ווייל ערשטינס זעניך מיר איין מדרגה העכער פון דיא פיש. און צווייטינס, דער מענש ציהט זיין שכל פון דער חכמה עליונה. יעצט בעַ־רעכינט: מיר ציהן ניט אפילו איין פראָצענט פון אַ מיל־יאָן פונם מקור החכמה. מיר קענין זאָגין בלויז זאָפיהל וויא אַ פונק וואָס שפּרינגט אַרוים פון אַ קאָוואַל. און דאָך קענין מיר שוין מיט דעם ווענִיג שכל טוהן מיט דיא פיש וואָס אונז פערגלוסט זיך. יעצט וואָס קען שוין טוהן דער וואָס אין זיין מוח איז פערהאַנדין, דיא גאַנצי חכמה, און דער גאַנצער קראַפט וואָס פיהרט זאָ פיהל שטערן מיט אַללע מזלות וואָס אונזער שטיקיל ערד איז נישט גרעסער פון איין באָלל אַנטקעגען דיא אַללע מזלות.

אונד דעריבער דאַרף יעדער מענש וויססען צוא האַל־טין טהייער דעם פסוק וואָס שלמה המלך האָט גיזאָגט אין משלי: „ירא את ד׳ בני ומלך ועם שונים אל תתערב“. דוא מיין זאָהן האָב מורא פאַר גאָט אונד פאַרן קעניג, אָדער פאַרן מלכות, מיט דיעזע אָבער וואָס גערן פערקעהרט זאָלסטו זיך נישט צוזאַמען קוממען.

נאָר אויב איהר דענקט אַז דיא תורה, מורא האָבין פאַר גאָט, וויא אויך פאַרן מלכות, איז אַ האַממער איבערן קאָפּ, וואָס האַלט אייך אָב וויא אַ מין האָלדאָבניק, האָט איהר אַ גרוסען טעות.

דאָס אַליין איז שוין געגוג בענעפיט פאַר דער מענש־הייט. דיא תורה זאָגט „וחי בהם“. איך האָב דיר גיגעבין אַ תורה זאָלסט קענן גליקליך לעבין.

דער קעניג אָדער דיא רעגיערונג פון אַ לאַנד ברויכט אויך נישט אייער בענעפיט. למשל זאָלין מיר נעהמין איין

איינפאַכין פּאָליסמאַן וואָס שטעהט אויף דער שטראַסע, און צוא יעדין דורך פאָהרער, ווען ער הייבט אויף זיין האַנד זאָ מוס ער שטעהן בלייבען. איין אונוויסענדער מענש דענקט געוויס וואָס זאָל מיר דאָ דער פּאָליסמאַן דיקטירען, אויב איך זאָל יאָה דורך פאָהרין אָדער נישט? דער אמת אָבער איז ווען נישט דער פּאָליסמאַן, וואָלט ער אַליין אויך זיין קאָפּ פערלוירען.

עס איז אמת: מיר געפינען אין דער תורה פיהלע מצוות וואָס דאַמאָלס זענין זייא גוט גיווען, נאָר בייא יעצ־טיגע צייטען זענין אַ טהייל מצוות נישט בעקוועהם. אַ תורה קען אָבער דורך דעם נישט גיענדערט ווערין. אַללע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. און דעריבער האָבין טאַקי דיא חכמים גיזאָרגט, און גידרייט מיט זאָלכי פשטים, דאָס פיהלע מצוות זאָל גרינגער ווערין, אָדער בטל ווערין. וויא למשל נישט צוא נעהמין רווחים, קרבנות, שמיטה, מצות יובם, אד״ג.

דער בעוויז איז דאָס דיא קראים׳ס וואָס האָבין נישט געוואָלט וויסען פון דיא חכמים׳ס דרשות, זייא האָבין גע־זאָגט: מיר ווילען וויסען נאָר פונקט וויא עס איז געשריע־בין אין תורת משה, איז פון זייא אין אמת גאָרנישט גי־בליעבען. כמעט אַללע זענין איבערגיגאַנגען צוא אַנדערע פעלקער.

פיהלע מענשין האָבין מיך אָבער געפרעגט: אויב דער שכר ועונש קומט פון׳ם הימעל, פאַראָס זעהן מיר דאָס צדיקים געהט שלעכט, אונד רשעים געהט גראַדע גוט?

דאָס איז שוין איין אַלטע פראַגע און דאָס האָבין נישט

פערענפערט אַפילו אַזאַלכי מענשין וואָס מיין קאָפּ גרייכט נישט צוא זייערע קנעכיל. אין דער גמרא געפינען מיר אויך דיעזעלבע פראַגע. דיא גמרא פערענטפערט עס אין חלוקי דעות. איינער זאָגט דעם טעם, דער צווייטער זאָגט איבער איין אַנדערן טעם, אָבער אַלץ ברוחק. צום סוף פיהרען זייא אוים: „אין בידינו לא משלות הרשעים ולא מיסורי צדיקים". מיר קענען נישט וויססען פאַרוואָס דיא רשעים געהט גוט, און דיא צדיקים געהט שלעכט.

נאָר אַזוא וויא איך בין אַ זקן ב"ה, אונד אין מיין לעבענסלויף האָב איך דורך גימאַכט אַללע קלאַססין, נעמליך: אין מיין יוגענד האָט דיא וועלט גיזאָגט איך בין אַ צדיק. מאַן האָט אָבער שפּעטער גיזאָגט דאָס איך בין קיין צדיק (דאָס וויים איך אַליין אויך). איך בין גיוועזן איין אָריימאַן און האָב מיך אַרויפגיאַרבייט, און בין גיוועזן רייך, און בין ווידער איין אָרימאַן. און דעריבער בין איך אומשטאַנד צוא פערענפערן דיעזע פראַגע אַזויא קלאָהר וויא דיא זון שיינט.

זאָלין מיר נעהמין דיא ערשטע פראַגע: פאַרוואָס געהט דעם צדיק שלעכט? יעצט וועל איך אייך פרעגין: וואהער וויסט איהר אַז ער איז אַ צדיק? אונז קען ער אויסזעהן אַ צדיק, אָבער אין אמת איז ער גאָר אַ בעהאַלטענער רשע. יעצט זאָלין מיר אָבער שוין זאָגין דאָס מיר וויססען גאַנץ זיכער דאָס ער איז אַ צדיק, און דאָך געהט איהם שלעכט. וואהער וויסט איהר אַז עס איז איהם שלעכט? אונז זעהט אוים אַז עס איז איהם שלעכט, ער אַליין אָבער איז גאָר צופרידען מיט זיין אָרימקייט. איבער הויפּט איין אמתר צדיק זוכט קיין פערגעניגענס. זאָלין מיר אָבער שוין זאָ־

גין מיר וויסען שוין בײדי זאַכין: מיר זענין זיכער אַז ער איז אַ צדיק, און מיר זענין זיכער אַז עס איז איהם שלעכט. זאָ וועל איך אײך מאַכין אַ חשבון אַז עס איז איהם טאַקי נישט שלעכט.

וויא אַזויא? לעולם ביז דרײסיג יאָהר פיהלט דער מענש נישט דיא גוטסקייט, און נישט דיא שלעכטקייט. ווייל ער האַלט אַלץ אין קריכען אויף דער לייטער פון הצלחה. אַריבער פינפציג יאָהר ווידער שפירט ער שוין נישט פון גוטסקייט און האָפט שוין אַלץ: אָט באַלד, באַלד וועל איך שוין פערלאָזין דאָס פינסטערע וועלטיל. בלייבט נישט מעהר וויא צוואַנציג יאָהר. דאָס הייסט פון דרײסיג ביז פינפציג. צוואַנציג יאָהר ווייסט יעדער פליהט אַוועק וויא אַ נאַכט חלום. מילא קוועהלט ער זיך דורך דיא נאַכט. דיא פראַגע בלייבט אָבער דאָך: אויב ער איז אַ צדיק, פאַרוואָס זאָל ער זיך דיעזע צוואַנציג יאָהר קוועהלין? וועל איך אײך דאָס פערענפערין.

איהר זאָלט וויסען דאָס עס גיבט צווייערלייא סאָרטין צדיקים. עס גיבט אַ צדיק ווען ער זאָל זיין רייך אַללע זיי־נע יאָהרין בלייבט ער דאָך פעסט אַ צדיק. רבי אָדער וויא ער ווירד גערופין רבינו הקדוש, איז גיוועזן דער רייכסטער מענש אין דער וועלט. אונד דאָך ווען ער איז געשטאָר־בין האָט ער אויפגעהויבין זיין האַנד צום היממעל און האָט גיזאָגט: איך האָב פון דער וועלט קיין הנאה גיהאַט אפילו זאָ פיהל וויא דער קלענסטער פינגער. דאָס צייגט אָבוואָהל ער איז רייך גיוועזן איז ער דאָך געבליבען צדיק ביז צום שטאַרבין.

עס גיבט אָבער אַ צווייטער סאָרט צדיק. זאָ לאַנג ער

איז אָרים איז ער אַ צדיק. קוים אָבער ווירד ער רייך, מחמת זיין שוואַכקייט, ווירד ער שוין איבערגיגעבין צום רייכ־טהום, און צוא דער וועלט, און אוים צדיק. דיא השגחת הבורא וויל אָבער אַז ער זאָל בלייבין צדיק, ווייל דיא השגחה עליונה פערשטייט דאָס וואָס ער ווירד ווערין אוים צדיק, איז נאָר וועגין זיין שוואַכקייט, און דאַריבער זאָרגט שוין דיא השגחה ער זאָל נישט בלייבין רייך. ווייל דיא השגחה עליונה פערשטייט וואָס פאַר אַ גליק וועט ער שוין האָבין ווען ער ווירד אין דיא עטליכע יאָהר אויף עסין נאָך עטליכע היהנער אד״ג. און סוף כל סוף אויף דער עלטער ווירד איהם אליין אויך באַנג טוהן. אַזויא וויא שלמה המלך האָט אויף דער עלטער מחבר גיוועזן קהלת, ווייל ער האָט ערשט איינגיזעהן אַז אַללעס איז אַ חלום. אונד איבער דעם האָט ער אויף אַללעס גישריעבען הבל, הבל, הבל הבלים.

דאָס איז דער אמתר תירוץ פאַרוואָס עס גיבט אַ צדיק וואָס עס געהט איהם גוט, און אַ צדיק וואָס געהט איהם שלעכט.

---

איך קען דאָס אויך פערענפּערין אויף איין אַנדערן אופן.

דיא חכמים האָבין גיזאָגט. „האי עלמא כביה הילולא דמיא“. דיעזע וועלט איז וויא איין חתונה. מאַן טאַנצט, מאַן שפּרינגט אַ גאַנצער נאַכט, אין מאָרגענס אויס חתונה, מיעד שלעפעריג.

יעצט זאָלין מיר זעהן. אַ גביר האָט חתונה גימאַכט אַ קינד. וויא מיר קענין פערשטעהן אַ גרויסער גביר, האָט געווים פאָרגעבערייט אויף דער חתונה אַללעס גוטעס. צוא דער חתונה זענין גיוועהנליך געקומין מחותנים, קרובים, אונד געלאַדענע גוטע פריינד. מיר וויסען אָבער דאָס צוא א חתונה קוממען אויך גאַנץ פרעמדע מענשין. איינער וויל הערין מוזיק; איינער וויל פּשוט כאַפּין אַ גוטין ביססען, אונד אַמאָהל קוממען אויך יונגאַטשעס פּשוט צוא מאַכין אַ טומעל. דער סערוויר האָט אָנגיפאַנגין צוא טראָגין דיא מאַכלים. דיא געלאַדענע מחותנים געוועהנליך, זענין דאָך נישט געקומין עסין, האָבין זייא גיוואַרט ביז דער סערוויר ווירד זייא צוא ברינגען. דיא זייטיגע מענשין אָבער האָבין אַליין צואגינעהמין פון דער טאַץ. דער סערוויר ווירד זיך דאָך נישט פּייטין. דערווייל האָט איינער באַקומין צווייא מאָהל טשיקען. דער צווייטער דרייא מאָהל פיש. מיר קענין זיך שוין פאָרשטעלין, ווען איינער האָט בעקומין צווייא מאָהל, איז שוין פאַר דיא מחותנים, קרובים, גאָר נישט געבליבען. ענדליך אָבער האָבין זיך דיא מחותנים באַרעכינט, מיר זענין טאַקי נישט געקאָממען עסין; מיר זענין אָבער דאָך הונגעריג; מיר וועלין דאָך נישט אַהיים לויפין עסין; זאָ זאָגין זייא צום סעירוור, איך בין דיר מוחל דיינע טשי־

קען מיט דיא פיש, גיב אונז אַ בולקעלי מיט אביסיל פיש־יוך, ווייל טריקען ברויט קען מאַן דאָך ניט עסין. וויא מיר קענין פערשטעהן, אַ בולקעלי מיט אַ ביסיל פיש־יוך בלייבט נאָך תמיד פון אַ חתונה, אונד דאָס האָט ער זייא דערלאַנגט. אונד זענין גיוועזן העכסט צופרידען.

עס איז גראַדע נעבין איינעם גיזעסין אַ ספּאָרט, אונד אידם איז נאָך גבליעבען אַ שטיקיל פיש וואָס האָט שוין מעהר נישט גיקענט עסין. ער רוקט עס צוא אידם צוא, און זאָגט: שעהמט אייך נישט, איך זעה דאָך דאָס איהר זינד הונגעריג. אונד ער נעהמט עס צוא.

דער גביר אָבער ווייסט אַללעס וואָס דאָ איז פאָרגעקאָממין. נאָר וואָס דען? זאָ וויא ער איז אַ גוטער מענש, בערעכינט ער: מילא, דיא נישט געלאַדענע געסט זענין דאָך אויך מענשין. זאָלין זייא אויך הנאה האָבין פון דער חתונה. דערנאָך אָבער ווען אַללע זייטיגע מענשין געהן אַהיים, נעמט ערשט דער גביר דיא אַללע מחותנים אין איין עקסטראַ זאאל, און מאַן ברענגט אַרויף גוטע ווייגען, אונד מאַן איז זיך משמח אויף דעם ריכטיגען אופן.

דאָס זעלבי איז אויך מיטן צדיק. דען לעולם ווייסט דער צדיק אַז ער איז נישט געקומין אויף דער וועלט נאָר צוא עסין. ער דאַרף נאָר דענקין וויא אַזויא כביכול צוא טוהן נחת רוח. דען ווען ער ווייסט דאָס נישט, איז ער דאָך קיין צדיק. אַלזאָ: אַנדערע לויפען, שפרינגען, כאַפּין, ער אָבער איז דאַצוא נישט פעהיג, נאָר אָבער זאָ לאַנג ער איז אַנגעקליידעט מיט אַ גוף, דאַרף ער דאָך האָבין אַללעס וויא יעדער מענש, זאָ בעהט ער: איך בין מוחל אַללע פערגניגענס, גיב מיר אַ בולקעלי מיט אַ ביסיל פיש־יוך. און

דאָס גיוועהנליך בעקומט ער דאָך. נאָר אָבער ווען דיא נשמה ווירד בעפרייעט פון'ם גוף אונד געהט צוריק צום מקור פאָן וואָהער זיא איז גינעמין געוואָרין, קען קיין איינ־פאַכער מענש נישט בעגרייפען דעם גייסטיגען פערגעני־גען פון דער נשמה.

יעצט זאָלין מיר נעהמין דיא פראַגע, פאַרוואָס געהט דעם רשע גוט?

וואָהער ווייסט איהר אַז ער איז אַ רשע? פאַר אונזערע אויגען איז ער אַ רשע, אָבער אין אמת איז ער גאָר קיין רשע. זאָלין מיר אָבער זאָגין: מיר זענין שוין זיכער אַז ער איז אַ רשע לכל הדעות, און דאָך געהט איהם גוט. וואָהער ווייסט איהר אַז עס איז איהם גוט? עס גיבט פיהל מענשין, דאָס פאַר אונזערע אויגען זעהט אויס דאָס עס געהט זייא גוט, בייא זיך אָבער פיהלען זייא זיך גאָר אונגליקליך. אָדער זייא זענין קראַנק, אָדער וועלכע אַנדערע פערדרייעגישען. אַזעלכי פעללע זעהן מיר אין דיא הונדערטער. זאָלין מיר אָבער זאָגין מיר זענין שוין זיכער מיטביידע זאַכען: מיר זענין זיכער דאָס ער איז אַ רשע, און מיר זענין זיכער דאָס עס פעהלט איהם קיין זאַך. זאָ וועל איך אייך מאַכין אַ חשבון אַז עס איז איהם טאַקי שלעכט.

לעולם ביז דרייסיג יאָהר פיהלט קיין מענש דיא גוטס־קייט, ווייל ער האַלט אַלץ אין קלעטערן אויף דעם לייטער פון הצלחה. נאָך פינפציג יאָהר ווידער, פיהלט ער אויך נישט דיא גוטסקייט. איבערהויפט דיא יעניגע, וואָס האָ־בין אין דער יוגענד גיהאַט אַללע פערגניגענס, פיהלען שוין אריבער פינפציג יאָהר קיין טעם אין קיין פערגניגען. יעצט דער גידאַנק אַליין ווען ער בערעכינט זיך: אַט באַלד, באַלד

וועל איך אַללעס מוסין פערלאָססען און געהן אין פינסטערן גרוב, דאָס אַליין קען איהם שוין קיין פערגעניגען מאַכין.

און אַמאָהל קומט איהם טאַקי אויף דיא גידאַנקין: אפשר זענין דיא מענשין גירעכט וואָס זאָגין אַז מאַן משפט אויף יענער וועלט, און אַזויא וויא ער ווייסט דאָס ער איז בעגאַנגין פיהל פערברעכען אַנטקעגין גאָט און מענשין, קען עס איהם שוין קיין פערגניגען פערשאַפין. דיא איינע שטונדע אַליין בעפאָר דעם שטאַרבין איז שוין גענוג שטראָף פאַר טויזנד יאָהר פערגניגענם.

אָט וועל איך אייך ערצעהלין אַ געשיכטע וואָס איך האָב גיהערט פון מענשין, און איך בין זיכער דאָס עס איז אמת.

בייא אונז אין שטעדטיל איז גיוועזן אַ מאַן מיט דעם נאָמען פייוויל וויטלין. דער זעלבער איז גיוועזן אַ רשע לכל הדעות. אַפילו בייא דיא פרייא דענקערס. ערשטינס פפלעג ער תמיד זיצין מיט זיין קאָמפּאַני אונד געמאַכט פערשיע־דענע שפּאָט וויצען פון גאָט. יעצט וויא אַזויא צוא מענ־שין? פון אַ נדבה רעדט מאַן שוין נישט. נאָר וועלכער יוד וואָס האָט ביי איהם וואָס געקויפט, תבואה אָדער בהמות, האָט ער שוין זאָ שפּעקולירט, דאָס מאַן זאָל דערלעגין דעם קאָפּ. גוט איז איהם אָבער אויך גיוועזן לכל הדעות. נעמליך, ער איז גיוועזן אַ גוטס בעזיצער, און רייך. אַ פעסטער געזונ־דער געבוימטער יונג, אונד דאָך האָט אַמאָהל פּאַסירט דאָס עס האָט איהם פּלוצלינג גיכאַפּט קרעמפּין. זאָ האָט ער אויסגעשריגען: אָך גאָט וואָס ווילסטו פון דעם אָרימען פיי־וויל האָבין. גראַדע איז נעבין איהם גיוועזן איינער פון זיינע נאָהנטע פריינד, וואָס פלעגין זיך תמיד וויצלען וועגין גאָט,

זאָ זאָגט ער צוא איהם: וואָס רעדסטו פיוויל? ביזט משוגע געוואָרין?

דאָס הייסט: זאָ וויא זייא פלעגין זיך תמיד וויצלען וועגין גאָט ווירד ער גאָר משוגע און שרייט אויס אָך גאָט.

דער מוסר השכל דאַפון איזט: דאָס אַפילו אַ רשע קומט אויך אַמאָהל אויף דיא גידאַנקין, אפשר איז אמת וואָס מאַן זאָגט אַז גאָט קען זיך אָברעכנין ווען ער וויל נאָר.

אונד דעריבער דאַרף דער מענש נישט זיין קיין נאַר: גאָט, אָדער דיא תורה, אָדער דער מלכות, האָט דיך נישט גיזאָגט, דאָס זאָלסט זיך טובלין אין אייז וואַססער, אָדער פאַסטין אַללע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג. אויב דוא ביזט אומשטאַנד, לעב און האָב פערגניגען פון דער וועלט. אָבער נישט אויף יענעמס רעכנונג. דאָס הייסט זאָלסט קיין מענשין בערירען; אומזאָנסט אונטערדריקען; דעם צווייטין אַריין כאַפין אין אַ נעץ אד"ג. און ווייס אַז דער חבר איז אויך בערעכטיג צום לעבין. אונד צוא גלייכער צייט דאַרפסטו אויך וויססען, דאָס עס איז פערהאַנדין אַ בורא, וואָס גיבט דעם מענשין אַללעס נישט דורך זיין חכמה, אונד נישט דורך זיין אַרבייט.

ע״פ הנביאים, וע״פ בעלי המקובלים, וע״פ הרמב״ם זצ״ל, דארף יעדער יוד גלויבען אין ביאת משיח, און אין תחית המתים. נאר וואס דער ענין פון ביאת משיח און תחית המתים מיינט, איז פערהאנדין פערשיעדענע דעות.

איין דעה זאגט, דאס פון יעצט, ביז משיח וועט נאר זיין דער אונטערשיעד דאס עס ווירד אויפהערין שעבוד מלכיות. דאס הייסט יודין וועלין האבין זייער אייגענעם קעניג אונד קעניגרייך.

דיעזע מיינונג געהט מיר כלל וכלל אין מיין מוח אריין. ווען מאן האפט אויף א זאך, האפט מאן דאך אויף בעסערס. מיט וואס קענין מיר מיט דעם ערווארטין בעסער? אין מלחמה וועט מאן דאך מוסין געהן. שטארבין וועט מאן אויך מוסין. מיר לעבין יעצט נישט אין אלטע בארבארישע פאנאטישע לענדער. היינט זאגט מאן: זייא א פיינער מאן און ביזט מיט אללעמען גלייך. און וואס פאר א גליק האט דען פוילין, ווען זיא איז שוין א מלוכה פאר זיך אליין.

תחית המתים ווידער איז אויך דאס זעלבי. דיא טוי־טע וועלין אויפשטעהן מט זייערע גופים זא וויא זענין גי־ווען בעפאר. דאס שטימט אויך נישט מיטין שכל. פון דיא גופים איז דאך שוין לאנג גיווארין ערד. נאר זאלין מיר אבער שוין זאגין: כביכול קען דאך אללעס מאכין, און וועט צריך צוזאממין שטעלין דיעזעלבי גופים. נוא וואס פאר א גליק ליעגט אין דעם? קוים וועט ער נאר האבין א גוף, מוז ער ווידער שטארבין. נוא איז דען וועניג איינמאהל געשטארבין? צוא וואס נאך דאס צווייטע מאהל שטארבין?

דער מחבר פון אקדמות וואס שטעלט פאר אז משיח וועט קומין וועט מאן פאר דיא צדיקים מאכין א סעודה פון

שור הבר און לויתן, זעה איך אויך נישט אזא גרויס גליק. און אזוי א גוטע היהן איז דען שלעכט?

דער אמת אבער זא וויא איך בין משיג, איז דער מחבר פון אקדמות גיוועזן א גרויסער צדיק, און א בעל רוח הקודש. און קוים איז ער גיוועזן א בעל רוח הקודש, האט ער נאך אזויא פיהל פערשטאנין וויא דער ארימער מחבר, דאס פאר צדיקים איז א קליין גליק א סעודה פון א שור הבר.

נאר אזויא וויא ער האט פערשטאנין דאס נישט יעדין קען מאן געבין צוא פערשטעהן א תענוג רוחני, זא האט ער דאס איינגעוויקעלט אין א שפראך דאס יעדער זאל פערשטעהן. דעם בעוויז האבין מיר: בייא דער ענדע פיהרט ער עס שוין ארויף אויף איין העכערע מדרגה, וויא צב״ש: „מטיילין ביה חינגא בהדיה דשכנתא“. זייא ווער־לין געהן צוזאממין מיט דער שכינה. „ותזכון די תתבון בעילא דירתא“. איהר ווידר זוכה זיין צוא זיטצען אין דער אויבערשטער רייהע.

איך אבער וויל דאס געבין צוא פערשטעהן אפען ע״פ שכל, אהנע שום מליצות. אונד איך בין בטוח, דאס יע־דער יוד וואס האט אין זיך א פונק פון א נשמה, ווירד עס פערשטעהן. נאר דער יעניגער וואס ווירד שוין גאר נישט משיג זיין, איז דאס נישט מיין שולד. איהר ווייסט דאך מן הסתם דעם אמעריקאנער גיזעץ: „איך האב נישט גע־וואוסט“ איז קיין ענטשולדיגונג.

זא וויא איך האב פערשטאנען פון ספרי קבלה, בעלי רוח הקודש, אונד אויך פון מיינע עלטערן, אונד דאס זעל־בע האב איך אליין אויך משיג גיוועזן בעת איך האב גילע־רינט עם הרבי אלימלך זצ״ל מבראדי, דאס דיא יעצטיגע

וועלט מוס אַמאָהל, פריהער אָדער שפּעטער חרוב ווערין. איך האָב דאַצוא צווייא גרונדע.

ערשטינס וויססען מיר דאָס אַללעס וואָס מיר זעהן איזט אַ צוזאַממען געזעצטער געגענשטאַנד. פייער, וואַססער, ערד, לופט, אַפילו דיא זון, לבנה, שטערן, איז אַ צוזאַמ־מען געזעצטע זאַך.

דיא זון פאַר זיך אַליין קען נישט וואַרימען, קען אויך נישט לייכטין. נאָר וואָס דען? זיא ציהט צוא זיך צוא דאָס פייער אונד דיא ליכטיגקייט, פון׳ם מקור העליון, פון דער שכינה. איך וועל אייך דערויף געבין אַ משל.

אויף אייער אָפען ליעגט דאָך איין אייזערנע דעק. אירהר מאַכט פייער ווירד דער אייזען הייס און אויך רויט. קוים אָבער געהט דאָס פייער אויס, זאָ איז דאָס אייזען קאַלט וויא אייז, אונד שוואַרץ. און דאָס איז דער כלל אין דער כעמישער וויסענשאַפט: דאָס יעדע צוזאַממען געזעצטע זאַך מוס אין אַ געוויסער צייט אויפגעלעזט ווערין.

דער צווייטער גרונד איזט: דיא חכמים האָבין גיזאָגט כביכול האָט בעשאַפין וועלטין אונד האָט זייא חרוב גי־מאַכט. ער האָט ווידער בעשאַפען וועלטין אונד האָט זייא ווידער חרוב גימאַכט. פאַרוואָס האָט ער זייא חרוב גי־מאַכט? ווייל זייא זענין איהם נישט גיפעללין. מיר זעהט אויס אַז דאָס וועלטיל גיפעלט איהם אויך נישט.

זאָלין מיר זיך נאָר נישט נאַררען, וואָס האָט דאָ צוא גיפעללין? אַז דיא וועלט עקזיסטירט נאָר פון שלינגעניש. אַ פיש מוס איינשלינגען דעם צווייטען פיש; אַ וואָלף מוס איינשלינגען דיא שאָף; אַ מענש מוס איינשלינגען דיא היהן; אונד אפשר גאָר ווען נישט דיא מורא של מלכות,

וואָלט ער אויך גיוועזן וויא אַ פיש. נאָר דער מענש איז דאָך אָבער קיין נאַרר, גיבט ער זיך איין עצה: שלינגט ער איהם איין מיט דער צונג אד"ג. דאַן קומט דיא ערד און זאָגט: וואַרט נאָר אַביסיל, איך האָב אויך אַ שטיקיל דעה. אונד שלינגט גאָר אל,, אַללעמען איין. אַלזאָ פרעג איך אייך אַליין, איז דאָ וואָס צוא גיפעלין?

אַלזאָ ווען דיא וועלט ווירד חרוב וועהרין, ווירד שוין אַזאָלכי וועלט נישט בעשאַפין ווערין. וויא אַזויא זע וועט זיין תחית המתים? דאָ וועל איך אייך ערקלעהרין.

איהר זאָלט וויסין, דאָס עס איזט פערהאַנדין נשמות וואָס זייא זענין אויף זייער ריכטיגען פלאַץ פון וואָהער זייא זענין גינעממין גיוואָרין. דאָס הייסט זייא זענין גינעמין גי־וואָרין פון דער שכינה, און דעם מקור העליון. און יעצט זענין זייא אויך באַהעפט צוא דער שכינה און דעם מקור העליון. עס איז אָבער אויך פערהאַנדין נשמות ערטילעין וואָס זענין צואוואָרפין גיוואָרין אין וואַסערן, אין חיות, אין זומפען, און אפילו אין בוימער. אָט דיעזע אַללע נשמות וועלין צוזאַממען גענאָמען וועהרין, און גילייטערט ווערין זאָ ווי דער מעכאַניק נעמט גאָלד שטויב אונד ציהט דאַ־פון אַרויס דיא שפּריצלאך גאָלד. אָדער וויא דער בעמיקער נעמט אַ פּרי און ציהט דאַפון אַרויס דעם מאַטעריאַל וואָס ער ברויכט. אונד דיעזע אַללע נשמות וועלין אויפגילעבט וועהרין, אונד וועלין קומען אויף זייער ריכטיגען פלאַץ פאָן וואָהער זייא שטאַממען.

נוא ברויכט איהר אַ בעסערן תחית המתים? צוא וואָס ברויכט איהר דעם גוף? ער זאָל עסין בולבעס, און האָבין

צוא טוהן מיט דאָקטוירים? אונד דאַן ערשט איין עסק מיט'ן מלאך המות און טויטען גרעבער.

די'זע נשמות אָבער וואָס זענין שוין אַזויא דורך גע־פוילט אין דער טומאה וואָס קענין שוין נישט געלייטערט ווערדין, אַזויא וויא אַ כעמיקער נעמט אַ צופוילטע פרי און זעהט אַז ער קען שוין פון דער פרי גאָרנישט אַרויסציהען, אַט דיזע נשמות ווע'לין בלייבען אויף זייער פריהיגען פּלאַץ, וואו זייא זענין.

נוא דאַרף מאַן דען איין ערגער גיהנם? צוא וואָס קאַלי מאַכין האַלץ אונד קוילען און מאַכין אַ גיהנם, ווען דאָס איז שוין דער ערגסשער גיהנם?

איך וויים דאָס פיהלע מענשין ווע'לין דענקין, וואָס פאַר אַ גן עדן, און וואָס פאַר אַ פערגניגען קען דאָס זיין, ווען עס איז נישטאָ קיין גוף? זאָ וועל איך דאָס ריכטיג ערקלעה־רין ע"פ שכל, וע"פ משלים.

דער פאַרמער בויעט אַן אַ קערענדי'ל אין דער ערד, און עס וואַקסט אַרויס אַ בוים, אָדער גאָר אַ בוים וואָס לעבט. דענקט איהר דאָך געווים דאָס פון דעם קערענדי'ל איז דאָס אַזויא אַרויסגיוואַקסין. דאָ האָט איהר אַ טעות. פרעגט דעם פאַרמער ווירד ער אייך זאָגין, אַז דאָס קע־רענדיל מוס גאָר בעפאָר גענצליך פערפוילט ווערדין. און וואַקסען וואַקסט עס גאָר מיט דעם כוח הרוחני וואָס קומט פון אויבען. נישט אַללע געוועקסע ציהן דעם כוח פון איין קוואַל. אַ טהייל ציהן דעם כוח פון דער זון, מאַנכע פון דער לבנה, מאַנכע פון אַנדערע מזלות. וועט איהר דאָך פרעגין: וואָצוא ברויכט מאַן צואלייגען דאָס קערנדיל? דאָס קערענדיל איז בלויז עס זאָל צוציהן פון דעם זעלבין מין.

דאַפון קענט איהר שוין פערשטעהן, דאָס דער כוח, דאָס לעבין, דער תענוג, ליעגט דאָרט וואו מיר זעהן נישט.
איך וועל אייך געבין נאָך אַ ביישפּיעל.

איהר קענט נישט זאָגין דאָס מיט הונדערט יאָהר צוריק, איז דיא וועלט גיוועזן נאַרישער אַלס יעצט. דעם בעוויז קענט איהר האָבין, דאָס כמעט אַללע מאַשינערי, ערפינ־דונגען זענין געשאַפען גיוואָרין נאָך בעפאָר, מיט צווייא הונדערט יאָהר. אונד דאָך איהר זאָלט מיט הונדערט יאָהר צריק גיזוען זאָגין, דאָס פון דער לופט אין דער הויך קען מאַן ציהן עלעקטריק, עס זאָל געבין ליכט פאַר אַ גאַנ־צער וועלט, אונד פייער און קראַפט, עס זאָל קענין אַוועק־ציהן גאַנצע הייזער און שטעדט, אונד גאָר אָהנע האָלץ אָדער קוילען, וואָלט מאַן דען פון אייך נישט גיזוען גימאַכט דאָס גרעסטע גילעכטער? און דאָך איז גיקומען עדיסאָן, און האָט גיזאָגט: קום איך וועל דיר צייגען זאָלכעס מע־טאַל דאָס ווען דאָס מעטהאַל ווירד זיך דרייעהן, ווירד עס הערונטער ציהן פון דער הויך ליכט, פייער, קראַפט נאָך גרעסער אַלס האָלץ, קוילען, אד״ג.

דיעזעלבע האָבין מיר גיהאַט מיט אייניגע טויזענד יאָהר. וויא אברהם, יצחק, יעקב, משה, אויך אַנדערע נביאים, דאָס אין זייערע מוחות איז גיוועזן זאָ איין מעטאַל, דאָס הייסט זאָ אַ נשמה וואָס האָבין משיג גיען אין עולמות עליונים. און מיט זייער נשמה האָבין זייא גיקענט צוציהן דיא שכינה. אונד דעריבער האָבין זייא אַללעס געוואוסט.

זאָלכי נשמות מוסין מיר האָבין אין יעדען דור, זאָ וויא איך האָב שוין בעפאָר געשריבען. דען ווען מיר זאָלין זאָלכי נשמות נישט האָבין, וואָלטין מיר ח״ו נישט עק־

זיסטירט. נאַטירליך: וואָס שפּעטערע דורות ווירד אַלץ וועניגער אונד שוואַכער. אונד ווען דיעזע נשמות וועלין אויפהערין צוא עקזיסטירעז, וועט שוין דער גואל צדק אליין מוזין קומין.

דעם קיצור און תמצית וועל איך אייך זאָגין: עס גיבט נישט דער מענש און נישט דיא פעדער, זאָלין קענין פאַר־שטעלין דעם תענוג רוחני און דעם כוח הרוחני. זאָ גוט וויא מיט הונדערט יאָהר צוריק, וואָלט מאַן נישט גיקענט פאַרשטעלין וואָס פיר איין ליכט און קראַפט דיא עלעק־טריק ווירד הערויסגעבין.

יהי רצון מיר זאָלין זעהן דיא שכינה פנים אל פנים, און מיר זאָלין האָבין תענוג רוחני, און אוים בולבעס, אוים דאָקטוירים, אוים מלאך המות, אוים טויטען גרעבער. ונאמר אָמן.

איך וויל אייך אויך ערצעהלין וואָס איך האָב אַליין גיזעהן ביים צדיקים, רביים. איהר זאָלט אָבער נישט דענ־קין דאָס איך וויל אייך דאָס ערצעהלין בכדי איך זאָל אייך מאַכין פאַר אַ חסיד. אָה ניין! איך וואָלט מעהר צואפריי־דען גיוועזן, ווען איך זעה אייך אַ גביר, איין עושר, און צוא־טהיילט פינפציג טאָהן קוילין פאַר אָרימע, און טוהן אַנ־דערע זאַכין לטובת הכלל וויא בקור חולים, ג"ח אד"ג, אַלס איך צואזעהן אַ חסיד מיט שיך און זאָקין, און פון דיא זאָקין זאָל אַרוים שיינען אַ בורוויסער פוס, וויא דער שטיי־גער איז אין איירָאפּא ביים אָרימע חסידים. אמת, כביכול דאַרף דיא חסידים אויך אויף דעם וועלטיל זאָלין פאַר איהם זאָגין שירות ותשבחות, נאָר אויב ער האָט עטליכע חסידים וועניגער, איז ער אויך נישט בדלות. דערויף זאָגט דער מחבר פון אקדמות: „חייל אלף אלפין ורבא לשמשתא". ער האָט מיליאָנען מלאכים וואָס שרייען פאַר איהם: „ברוך שם כבוד מלכותו".

נאָר וועגין וואָס דען דערצעהל איך דאָס? דאָס איהר זאָלט גלויבען אין תענוג רוחני, און אין כוח רוחני. ווייל איהר זאָלט דאָס וויסען, דאָס איך שרייב נישט אין דעם ספר נאָר דאָס וואָס איך האָב אַליין גיזעהן, אָדער דיא זאַך וואָ איך האָב אַליין משיג גיוועזן ע"פ שכל הישר.

אַלס איך בין גיוועזן אַ יונגערמאַן ניינצעהן יאָהר אַלט, האָב איך גיהערט דאָס אין שטעדטיל אַלעסק איז פער־האַנדין אַ צדיק ר' העניך זצ"ל, וואָס טהוט אויף גרויסע וואונדער. איך האָב מיך מיישב גיוועזן: איך וועל צוא איהם פאָהרין. נישט צוא זעהן נסים, ווייל אַ רבי מוז נישט בעווייזען נסים, נאָר פשוט איך זאָל זעהן כוח הרוחני. ווייל איך

אַליין האָב שוין דאַמאָלס אויך פערשטאַנין אַביסיל כוח רוחני (הלואי יעצט). קיצור הדבר: איך בין דאָרט גיוועזן שבת. ער איז שוין גיוועזן אַ זקן אַריבער אַכציג יאָהר, מדוכא ביסורים, און וואונדען פון קאָפּ ביז פיס. נאָר אַז ער האָט זיך גישטעלט ביים עמוד צעהן אַזייגער פריה, איז ער זאָ גישטאַנען ביז פיער אַזייגער. ער האָט אויך אַליין גילײנט אין דער תורה, און דיא גאַנצע זעקס שטונדין האָט ער גיהאַלטין אין שרייען אַז דאָס קול איז גיגאַנגין עד לב השמים. און אַז ער איז אַוועק גיגאַנגין פון דעם עמוד האָט דאָס פנים גיברענט און געפלאַמט וויא פייער, זאָ וויא ער זאָל האָבין געטרונקין אַ גאלאן שפירטים. איז דאָס אומ־שטאַנד צו טוהן דער שטאַרקסטער מענש אין דער וועלט?

דאָס זעלבי האָב איך אויך גיזעהן בייא מיין מוטער ע״ה.

אַ גאַנצע וואָך האָט זי געאַרבייט עבודת פרך, וויא דער שטייגער איז בייא אַ יוד איין אָרימאַן, נאָר שבת איז זיא נישט גיגאַנגין אין שוהל נאָר זיא האָט שוין גיהאַט אַ פּערמאַכט ווינקעל, מאַן קען זאָגין כמעט נאָר ד׳ על ד׳ אונד אַז זיא האָט זיך אין דעם ווינקעל אַוועק גישטעלט צוא מאָרגענס, איז זיא דאָרט זאָ גישטאַנין ביז צעהן מינו־טען בעפאָר אָווענד, בכדי עס זאָל נישט הייסין דאָס זיא האָט שבת גיפאַסט. אונד אַז זיא איז פון דעם ווינקעל הע־רויס געקומין האָט דאָס פנים גיפלאַמט

אונד דעריבער דאַרף קיין וואונדער זיין וואָס משה איז גיוועזן פיערציג טאָג אויפן באַרג, און האָט נישט גיברויכט צוא עסין. מיט דעם כוח הרוחני האָט ער גיקענט לעבין אפילו דרייא מאָהל פיערציג.

## ערצעהלונגען און וועלט ערפאַהרונג.

איהר זאָלט אָבער וויססען דאָס יעדע ערצעהלונג איז אַ באַלעהרונג, אונד אין לעבענסלויף קען דאָס אייך אַמאָהל נוצען ברינגען מעהר אַלס גאָלד.

אַ חסיד האָט זיך אַמאָהל מיישב גיוועז ער ווירד פאָה־רין צום רבין לערנין חכמה. הקיצור ער האָט זיך גיזעגנעט מיט'ן הויזגעזונד און גינעהמין דעם שטעקין אין האַנד און גיגאַנגין.

ער איז געקומין צום רבין און זאָגט איהם ער וויל דאָ בלייבין און לערנין חכמה. דער רבי האָט איהם גיענ־פערט: נוא בלייב דאָ. ער איז זאָ גיוועז ביים רבין אַ יאָהר, און צווייא יאָהר, און נאָך ווייטער, ער האָט אָבער אַלץ קיינע חכמות ערלערינט. נאָר איהר ווייסט דאָך: אַ היי־סער חסיד פרעגט אויף אַ רבין קיינע קשיות. ענדליך רופט איהם דער רבי צוא זיך, און זאָגט צוא איהם: דוא קענסט שוין געהן צוא דיין הויזגעזונד. נאָר אַזויא וויא איך וויס דאָס דוא ביזט דאָך געקומין לערנין חכמה, זאָ וועל איך דיר מיט געבין אויפ'ן וועג דרייא כללים. דער ערשטער כלל איז: זאָלסט תמיד געהן דיין אייגענעם וועג; דער צווייטער כלל: וואָס ווירסט העהרין און זעהן זאָלסטו שוויי־גען; דער דריטער כלל: אויב דוא ווירסט שטאַרק אין כעס, זאָלסטו דעם כעס בעהאַלטין אויף אַ שטונדע שפּעהטער. זאָ האָט ער ווידער גינעהמין דעם שטעקין אין האַנד, און אַהיים גיגאַנגין.

עס קען זיין ער האָט בייא זיך גידענקט: זאָ פיהל יאָהר אָבגיזעסין, און דאָס אַלעס, וואָס איך האָב גילערינט?

נאָר וואָס דען, זאָ וויא איך האָב בעפאָר גיזאָגט, דאָס אַ הייסער חסיד פרעגט אויף אַ רבין קיינע קשיות.

זאָ וויא ער איז גיגאַנגין אין וועג, האָבין איהם אָנגע־יאָגט אַ גאַנצי קאָמפּאַני. וויא ער איז אַזויא מיט דער קאָמ־פּאַני גיגאַנגין, זאָ רופט זיך אָב איינער פון דער חברותא: איך וויים דאָ איז פערהאַנדין אַ סטעשקי (פּעטה) דורך אַ וועלדיל, קענין מיר פערשפּאָרין אפשר צווייא מייל גאַנג. ער האָט שוין גיוואָלט מיט זייא מיטגעהן, ער האָט זיך אָבער עראינערט דעם כלל פון'ם רבין. דאָ האָט ער זייא גילאָזט געהן און זיך גיגאַנגין זיין אייגענעם וועג.

צוא מאָרגענס הערט ער ערצעהלין, דאָס אַ קאָמפּאַ־ני איז גיגאַנגין אין אַ וועלדעל, דאָ איז זייא בעפאַללען גזלנים, מאַן האָט זייא בערויבט און גערהרגת. דאָ האָט ער שוין גיזעהן דאָס דורך דעם רבינס כלל איז ער נצול גיוואָ־רין פון אַ זיכערען טויט.

וויא ער איז אַזויא גיגאַנגין איז ער שטאַרק הונגעריג גיוואָרין. דאָ האָט ער דערזעהן אַ הויז אין פעלד. ער איז אַריינגיגאַנגין אין הויז. דער בעל הבית פרעגט איהם וואָס ער פערלאַנגט, ער האָט גיוועהנליך גיענטפערט ער פער־לאַנגט וואָס עסין. מאַן האָט איהם באַלד גידעקט אַ טיש מיט דיא בעסטי מאכלים, און מאַן האָט אויך אויף דעם טיש אַנידער גישטעלט אַ קאָפּ פון אַ מענש. ער האָט שוין גיוואָלט פרעגין: וואָס בעדייטעט דער קאָפּ? ער האָט זיך אָבער עראינערט אין רבינס כלל. זאָ האָט ער אָבגיגעסין גיבענטשט, און זיך געלאָזט אַוועק געהן. דער ווירטה קומט צוא איהם צוא, און זאָגט איהם אַזויא: הער אויס! ווען דיא זאָלסט גיוועז פרעגין וואָס דער קאָפּ בעדייטעט, וואָלט

שוין דיין אייגענער קאָפּ אויך געשטאַנין אויף דעם טיש. נאָר זאָ וויא דוא האָסט נישט גיפרעגט, זעה איך דאָך דאָס דוא ביזט אַ חכם און אַ פיינער מאַן, זאָ וויא איך פערשטעה דאָס דוא ביזט איין אָרימאַן. דאָ האָסטי זאָ פיהל געלד דאָס דוא זאָלסט מאַכין אַ מסחר און האָבין פרנסה.

דאָ האָט ער ווידער גיזעהן דאָס דורך דעם רבינס כלל איז ער ניצול גיוואָרין פון אַ זיכערען טויט.

ער איז זיך ווייטער גיגאַנגין זיין וועג, ביז ער איז גע־קומין צוא זיין הויז שוין שפּעהט בייא נאַכט. אין הויז איז גיוועזן ליכטיג. וויא מיר וויסען ווען אין הויז איז ליכטיג זעהט מאַן פון אַוטסייד אַללעס וואָס טוהט זיך אין הויז. דאָ זעהט ער וויא זיין ווייב זיצט ביים נאַכטמאָהל מיט אַ יונגען מאַן. מאַן לאַכט, מאַן שפּאַסט, מאַן שפּיעלט זיך, וויא גיוועהנליך מאַן און ווייב. דאָ ווירד ער גיפעהרליך אין כעס, נאָר אַריין צואגעהן און געבין דעם ווייב אַ האַק איי־בערן קאָפּ. ער האָט זיך אָבער עראינערט וואָס דער רבי האָט איהם גיזאָגט, זאָ האָט ער דעם כעס איבערגעלאָזט אויף אַ שטונדע שפּעהטער. ער האָט זיך נישט וויסענדיג גימאַכט און אַריינגעקומין אין הויז, און פרעגט ווער איז דער יונגערמאַן? דיא ווייב ענטפערט איהם: האָסט איהם נישט דערקענט? דאָס איז דאָך דיין זאָהן. ער האָט איהם גיוועהנליך געלאָזט אַ יונגעל. אונטער דער צייט איז ער אויסגעוואַקסין אַ מאַן. זאָ האָט ער שוין גיזעהן דאָס דורך דעם כלל איז ער ניצל גיוואָרין פון רציחה.

דיעזע דרייא כללים זאָלט איהר גוט גידענקין. אין לעבענסלויף קען דאָס אייך אַמאָהל נוצען ברענגען מעהר אַלס געלד.

ווען דער מענש פיהלט זיך קראַנק זאָל ער פרעגין איין ערנסטין דאָקטאָר. השי"ת האָט בעשאַפין רפואות צוא יעדין אָדער בעזונדער. נאָר דער דאָקטאָר האָט דיא רפואות אויסשטודירט. ווען דער מענש איז אָבער געזונד קען ער זיך אַליין אויסרעגולירען. מיט׳ן עסין, שלאָפין, אד"ג. אויף דעם איז קיין דאָקטאָר פערהאַנדין, ווייל יעדער מענש איז געבויט אויף איין אַנדערן סיסטעם. וואָס פאַר מיר איז גוט, איז גראַדע פאַר׳ן צווייטען נישט גוט.

דאָס אַללע ערשטע וואָס אַ מענש דאַרף זעהן: ער זאָל האָבין אין הויז פרישע ריינע לופט. איהר זאָלט וויסען דאָס לופט האָט אין זיך דיא זעלבי טבע וויא וואַסער. איהר ווערט אַמאָהל באַמערקען אין אַ טהאָל, וואָ עס פליעסט אַהין אַריין וואַסער פון דיא בערג. דאָס וואַסער האָט אָבער קיין אָבלויף וויא אַ געוועהנליכער טייך. און אויב דאָס וואַסער טריקענט נישט אויס, און בלייבט דאָרט שטעהן אַ קליינע צייט, זאָ ווירד איהר זעהן אַז דאָס וואַסער ווירד גרין, אונד עס גיבט אַרויס אַ שלעכטין געַרוך. ווייל וואַסער ברויכט האַלטין אין לויפען. דאָס וואַסער אַוועק, אַנדער וואַסער אָנגעקומין.

דאָס זעלבי איז אויך לופט. ווען דיא לופט פון אייער הויז בלייבט אַ לאַנגע צייט אין הויז, זאָ איז דיא לופט שוין נישט ריין. דיעזע לופט דאַרף העַרויס, און אַנדערע לופט דאַרף העראיין. וויא אַזויא אָבער מאַכט מאַן דאָס? וואָס הייסט וויא אַזויא? איך עפען אַ פענסטער האָב איך דאָך פרישע לופט. זאָ קומט ווערל איך אייך צייגען דאָס אַמאָהל איז אַ פאַלל דאָס איהר עפענט אַ פענסטער, און דאָך האָט איהר אין אייער הויז דיעזעלבע אַלטע לופט. וויא אַזויא

איז דאָס מעגליך? זאָ וועל איך אייך ערקלעהרין.

האָט איהר אַמאָהל אריינגישטעלט אַ טריכטער (פאָ־נעל) אין אַ באַטעל, אונד אָנגעגאָסין דעם טריכטער מיט וואַסער, אונד דאָס וואַסער בלייבט שטעהן אין טריכטער און וויל נישט געהן אין באַטעל. וויא קומט עס? וואַסער רינט דאָך דורך אַפילו דורך אַ לאָך פון אַ נאָדעל. דיא אורזאַכע דאַפון איז אָבער אַזויא: איהר זאָלט וויסען דאָס אַ לעערע זאַך אויף דער וועלט איז נישטאָ. דיא באָטיל איז פאָלל מיט לופט. היינט וואָהין זאָל דאָס וואַסער געהן? נאָר אַז איהר הייבט אַביסיל אויף דעם טריכטער, זאָ שטיפט שוין דאָס וואַסער הערוים דיא לופט.

דאָס זעלבי איז אויך מיט אייער הויז. ווען עס איז איין ענג פלאַץ, און איהר עפענט אַ פענסטער, וואָהין זאָל דיא לופט געהן? דאָס הויז איז דאָך פאָלל מיט לופט. נאָר אַז עס איז פערהאַנדין אַ געגען אָדער אַ זייטען עפענונג, זאָ שטויסט שוין דיא לופט פאָן אַוטסייד אַרוים דיא לופט פון הויז, דורך דער צווייטער עפנונג.

דער מענש דאַרף אויך זעהן דאָס בעפאָר דעם דאַוו־נען, און אויך בעפאָר דעם עסין, דאָס זיין סיסטעם זאָל זיין אין אָרדינונג, און ריין. אויב נישט, איז גלייכער נישט צוא דאַווניין און נישט צוא עסין.

איהר ווייסט מן הסתם אַז איהר מאַכט אייער אָפען און וואַרפט הערייין קוילען. נאָר איהר האָט נישט אַרויס־גינעהמין דאָס אַש פון געסטערן, האָט איהר קיין גוט פייער.

עסט דאָס וואָס אייער אַפעטיט זאָגט אייך. נאָר צוא דער זאַך וואָס איהר האָט אַ שטאַרקין אַפעטיט, עסט מיט אַ מאָס.

גרעבערע פּראָדוקטען וויא: פּאַטעטים, גרויפּין, אַר־בעס, קרויט, קענין תמיד וועניגער שאָדען אַלס גאַנץ אייַ־דעלע זאַכין. פרוכט איז אויך זעהר געזונד. יעדע פרוכט האָט אין זיך וויין זויערע און אַלקאָהאָל שטאָף. און עס גיבט היץ, אונד עס העלפט אויסאַרבייטין דאָס עסין אין מאָגין.

דאָס וואָס מאַן זאָגט גיוועהנליך צווישען עולם, דאָס בעפאָר דעם שלאָפין איז נישט גוט צוא עסין, דער פאַלל איז נאָר בייא דעם מענשין וואָס זיין סיסטעם איז נישט אין אָרדינונג, אונד אַ שוואַכער. בייא אַ געזונדען מענש אָבער איז גראַדע דער היפך. דוקא בעפאָר דעם שלאָפין זאָל ער עסין. פאַרוואָס? זאָ וועל איך אייך ערקלעהרין.

דיא טבע פון׳ם בלוט איז, דאָס עס געהט צואהילף צוא דער זאַך וואָס מאַן ברויכט איהם. דעריבער האָט אַ קאָוואַל אַ שטאַרקע האַנד, ווייל דאָס בלוט קומט צואהילף דער האַנד. דער מאָגען דאַרף אויך בלוט, עס זאָל איהם העלפין קאָכין דאָס עסין. גיוועהנליך דורך דעם טאָג האָט דאָס בלוט קיין צייט, ווייל עס דאַרף העלפין אַנדערע אברים. נאָר ווען דער מענש שלאָפט האָט דאָס בלוט קיין אַנדערע בעשעפטיגונג, נאָר אַריין צוא געהן אין מאָגען, אונד העלפין קאָכין דאָס עסין, אונד דאַפון בעקומט ער קראַפט ער זאָל קענין צוא זיך צוא ציהן אַללע מאַטריאַ־לען וואָס דיא לופט פערמאָגט.

דער מענש דאַרף אויף זיין קערפער וואַסער יעדע דרייא טאָג. אַמוועניגסטענס איינמאָהל אין דער וואָך.

אַ מענש דאַרף זעהן צוא האָבין יעדין טאָג אַרבייט צוא בעוועגען דעם קערפער (עקסערסייז אין ענגליש).

זאָ וויא איך האָב שוין בעפאָר געשריעבען דאָס צוא דיעזען צוועק האָט השי"ת בעשאַפען דיא אַרבייט. דען זאָנסט וואָלט דיא חכמה עליונה גיווען אַלעס פאָרגעבערייט אָהנע אַרבייט. זאָ גוט וויא לופט און וואַסער.

ווען עס כאַפּט אַמאָהל פלוצלינג קרעמפּפען ר"ל, אונד עס איז קיין צייט צוא רופין אַ דאָקטאָר, איז דיא בעסטי רפואה אַריין צוא געהן אין אַ הייסע וואַנע, אָדער זיך אַריין צוא זעצין אין אַ שיסעל הייסע וואַסער, אויף זאָ פיהל גראַד וויא דער קערפּער קען פערטראָגין.

פיר אַ קינד איז גוט צוא נעהמין אַ שוסטער בענקעלע אונד אַרויף צוא גיסען וואַרימע מילך מיט זייף, אונד היע־ראויף זעצין. ווען קיין שוסטער בענקעלע פערהאַנדין, איז אַ שיסעל אויך גוט. און דאָס איז אַ רפואה בדוקה.

צאָהן וועטאָג. ווען דער צאָהן איז פערדאָרבין, איז קיין רפואה, נאָר אַרויס צוא ציהן. ווען דער צאָהן איז אָבער גוט, דאַרף מאַן זוכין אַ רפואה. געוועהנליך, מעהרסטענס טהייל, קומט דיא וועהטאָג פון דעם מאָגען. זאָ דאַרף מאַן זעהן דער מאָגען זאָל זיין אין אָרדנונג.

קאָפּ שמערצען קומט אַבסאָלוט נאָר פון מאָגען. דע־ריבער דאַרף מאַן זעהן דער מאָגען זאָל זיין אין אָרדנונג.

דער מענש דאַרף אויך וואַשין אונד רייניגען זיינע פיס. פון נעגעל, היהנער אויגען, אָהנגעוואַקסענע גראָבע הויט, דאָס אַלעס קומט פון שמוץ, אָבפאַל פון קערפּער, אונד דעריבער דאַרף עס הערונטער געהן. איהר האָט קיין גרויי־סע אַרבייט דערבייא. איהר דאַרפט נאָר נוצען וואַרימע וואַסער, זייף אונד אַ ריינע שאַרפע מעסעריל.

דיא וועלט זאָגט דאָס אין גישעפטס אַנגילעגינהייטען מוס מאַן זאָגין אַ ליגען. גראַדע איז דער פאַלל פונקט פערקעהרט. ערשטינס איז דאָך בפריש אַ לאו אין דער תורה „לא תשקרו". אונד דאַן ווען אַ מענש וויל זיין ער־פאָלגרייך אין עסקים, זאָל ער זיך נישט גיוועהנין צוא זאָגין ליגען, וויל דיא וועלט פערליערט דעם צוטריען צוא איהם, און דאַמאָלס ווען ער זאָגט שוין אַפילו אמת, גלויבט מאַן איהם אויך נישט. קיינער צווינגט מיך נישט איך זאָל יענים ערצעהלין דעם אמת פאַן אַללע מיינע פערהעלט־ניססע. דאָס איז נישט דער וועלטס עסק. אָבער ליעגען דאַרף איך אויך נישט זאָגין. איך רעד נישט און פטור.

אַ מענש דאַרף אויך נישט דעם צווייטען מקנא זיין. וויל דאָס העלפט גאָרנישט; עס ברינגט נאָר קרענקונג. איך וועל אייך ערצעהלין איין אַנעקדאָט.

ווען גאָט האָט בעשאַפין אַללע באַשעפענישען, האָט ער דאָך בעשאַפען פערשיעדענע ברואים. גאַנץ גרויסע באַשעפענישען, וויא למשל איין עלעפאַנט, אַ לייב, אד"ג. און אויך גאַנץ קליינע: וויא למשל אַ ווערמיל, אַ פליעג. כביכול האָט אָבער גיוואָלט מאַן זאָל אויף איהם קיין תרעומות נישט האָבין. און אַ קליין באַשעפעניש וועט קו־מין מיט אַ טענה: פאַרוואָס האָסטו דעם עלעפאַנט גימאַכט זאָ גרויס אונד מיך זאָ קליין? מה עשה? דאָ האָט ער אַללע באַשעפנישען אייגגעזאַמעלט אויף איין פלאַץ. זאָ האָבין זייא זיך שוין איינער מיט אַנדערן גיזעהן. דאָ האָט ער יע־

דעם באַשעפניש גיפרעגט: ביזטו צופריעדען מיט דיין מעמד וויא איך האָב דיך בעשאַפען? אָדער ווילסטו אפשר איך זאָל דיך מאַכין זאָ גרויס וויא דער לייב אד״ג? זאָ האָט יעדעס באַשעפניש גיענטפערט: איך בין צופריעדען מיט מיין פּאָזיציאָן.

דאָס זעלבי איז אויך מיט דעם מענש. אַללע קענין נישט זיין גלייך.

אונד אין אמת גיזאָגט: ווען דער מענש איז געזונד, אונד האָט זיין נעטיגעס בעדארף, איז גאָר נישטאָ וועמין מקנא צוא זיין. זאָלין מיר שוין זאָגין, איך וועל מקנא זיין אַ גענעראַל, אַ קעניג, באַרעכינט נאָר וואָס ער דאַרף זאָרגין פיר אַ וועלט. אונד אונטערוואָרפין אונטער פערשיעדענע געפאַהרין, אונד דער סוף איזט, דאָס פון דער וועלט קען ער נישט גענייסען. נאָר וויא יעדער מענש, דיזעלבי ברויט; דאָס זעלבי שטיקיל פלייש; און שלאָפין קען ער אויך נישט אין צווייא בעטין.

פיהלע מענשין האָבין מיך גיפרעגט: אויב דוא זאָגסט אַז אַללעס איז פון גאָט, פאַרוואָס האָט איינער מיליאָנען, אונד הונדערטער האָבין גאָרנישט? אויף דעם וועל איך אייך ענטפערין.

עס גיבט פערשיעדענע אונטערנעהמונגען. וויא למשל פאַבריקען, באַהנען, בריקען, וואָס פאָדערען מיליאָנען. ווען דער קאַפּיטאַל זאָל זיין איינגעטהיילט בייא אַלעמען גלייך, וואָלטען דיא אַללע אונטערנעהמונגען קיינמאָהל געשאַ-

פען גיוואָרין. למשל איהר קומט צוא יחזקאליין און זאָגט: מיר וואָלטין גידאַרפט אַזאָלכי פאַבריק, וואָלט ער אייך אויסגילאַכט. איהר קומט צוא ר' זרח, ענטפערט ער אייך: איך וועל מיך מיישב זיין מיט מיין ווייב. ווען דער קאַפּיטאַל ליעגט אָבער אין איין האַנד: אַט איז איהם איינגעפאַלען צוא מאַכין דיעזע אונטערנעהמונג, אונד עס איז געשאַפען. דאַפון קומט דער וועלט נוצען. טוויזינדער מענשין האָבין באַשעפטיגונג, אונד דיא זאַך קאָסט ביליגער און בעסער.

דיא וועלט ערצעהלט אַ ווערטיל: אַ פּאַרמער האָט אַמאָהל גישאַרפט אַ שטיקיל אייזען צוואַנציג יאָהר ביז ער האָט אויסגישאַרפט אַ נאָדעל. ענדליך האָט ער ערשט אויסגעפונען אַז דיא נאָדעל האָט נישט קיין לאָך. וויא פיהל נאָדלען בעקומט איהר פאַר אַ סענט?

נאָר וואָס דען? דער יעניגער וואָס בעזיצט דעם קאַפּיטאַל, דאַרף וויסען דאָס דעם קאַפּיטאַל וואָס גאָט האָט איהם גיגעבין, איז צוליעב דער וועלטס נוצען. נאָר ער האָט די זכיה צוא זיין דער פערוואַלטער. אונד דאַפיר דאַרף ע רזעהן דאָס דיא וועלט זאָל דאַפון נוצען האָבין. עס מאַכט נישט ווען ער נעהמט זיך אַ פעטערן חלק. מיר קענין נישט ערוואַרטין דאָס דער סערוויר וואָס שטעהט ביים טאָפּ, זאָל זיך נישט נעהמין דאָס בעסטי שטיק פיש. נאָר וואָס דען, ער דאַרף נישט פערגעסין אַז אַללעס איז צוליעב דער וועלט.

דער מענש דאַרף זיך אויך היטען ער זאָל נישט רעדע־דין רכילות. ערשטינס איז דאָך בפירוש א לאו אין דער תורה: „לא תלך רכיל“. צווייטענס, קען דאָס אייך מעהר שאדען בריינגען, אַלס נוצען. דען ווען איהר רעדט אויף יע־נים רכילות, וועט דאָך יענער אויף אייך צעהן מאָהל מעהר רעדהדין. אויב איהר ווירד אויף יענים אונטערשטעלין אַ פוס ער זאָל פאַללען, ווירד יענער אויף אייך אונטערשטעע־לין אַ גאַנצין דראָנג. צוא וואָס זע נוצט עס? איזט דאָך שוין בעסער ווען דיא מענשין לעבין איינער מיט אַנדערן, וויא מענשין דאַרפין לעבין.

דער מענש זאָל אויך נישט רעדהדין קיין לשון הרע. דער מענש איז דיא איינציגע באַשעפעניש צווישען אַלע בהמות און חיות מיט דער מתנה פון אַ צונג צום רעדהדין. און דאַריבער זאָל ער אַכט געבין ער זאָל נישט רעהדין וויא אַ בהמה אָדער וויא אַ שלאַנג. אויף רכילות, שקר, לשון הרע, איז אונזער בית המקדש אונד אונזער לאַנד חרוב גי־וואָרין. אונד דאָס האָט אויך שלמה המלך גיזאָגט אין קהלת: „אם ישוך הנחש בלא לחש, ואין יתרון לבעל הלשון“. דיא נאַטור פון אַ שלאַנג איז צוא געבין אַ ביס, אונד דער וואָס האָט אַ פאַלשע צונג איז אויך נישט בעסער.

רש״י טייטשט אַפילו דעם פסוק אַביסיל אַנדערש. נאָר איך דענק דאָס דיעזעס איז דיא ריכטיגע בעדייטונג.

אָט וועל איך אייך ערצעהלין אַ געשיכטע פון אַ צונג. בייא אונז אין שטעדטיל איז גיוועזן אַ מאַן. זיין נאָמען

איז גיווען פיוויש. זיין פרנסה איז גיווען וואס ער פלעגט געהן בעטין אויף חתונות, בריתין, חתן־מאָהל, אד״ג. דער פיוויש איז גיווען אַ גרויסער בעל מעלה. אויסצואשרייבין אַללע זיינע מעלות, וואָלט מיר זעהר פיהל פלאַץ פערנעהמין, אונד דעריבער וועל איך נאָר אויסשרייבען אַ ווע־ניג פון זיינע מעלות. נעמליך: ער האָט גיקענט אָבלערנין אַ שטיקיל גמרא; ער האָט אויך אַמאָהל גיקענט זאָגין אַ גלייך ווערטיל. ער האָט אַמאָהל אויסגעשריבען אַ „שויתי״ פאַר׳ן עמוד, מיט פערשיעדענע ראשי תיבות, וואס קיינער האָט עס געוואוסט נאָר ער אַליין. אַט למשל איז גיווען געשריעבען דיא ראשי תיבות סמו״ט. איך מוס מודה זיין דאָס איך וואָלט עס ביז היינטיגען טאָג נישט געוואָסט. נאָר אַזויא וויא איך האָב בייא איהם נושא חן גיווען מעהר פון אַללע יונגלאַך, ווייל איך פפלעג האַלטען דיא ווקסענע הבדלה בייא הבדלה מאַכין, אונד האָב איהם נישט אונ־טערגעסמאַלעט דיא באָרד, וויא אַנדערע יונגלאַך פלעגין איהם טוהן, זאָ האָט ער מיר מגלה סוד גיווען דאָס סמו״ט מאַכט: סור מרע ועשה טוב. הקיצור ער איז גיווען אַ גרוי־סער בעל מעלה. ער האָט אָבער גיהאָט איין חסרון: ער פלעגט זיך פערהיקען. און ווען ער איז געקומין צוא אַ בעל הבית בעטין אויף אַ בן זכר אָדער אַ חתן מאָהל, וויא דער מנהג איז אין אַ קליין שטעדטיל, אונד אָנגעפאַנגין צוא זאָגין גי־גי־גי־גוט שבת, האָט זיך שוין דעם בעל הבית אָבגעגלוסט דער בן זכר, אונד אַפילו דעם קוגעל וואס ער

האָט גיגעסין. פלעגט מאַן זאָגין אין שטעדטיל: פייוויש וואָלט גיוועזן דער פיינסטער מענש. נאָר וואָס דען? דער לשון באַגראָבט איהם.

אַלס יונגעל האָב איך גידענקט, דאָס נאָר אונזער שטעדטיל איז גיבענטשט מיט זאָ אַ בעל מעלה. אַלס איך בין אָבער געקומין אין בעריהרונג מיט דער וועלט, האָב איך אויסגעפינען פיהל אַזאָלכי פיינע מענשין. נאָר וואָס דען דער לשון באַגראָבט זייא.

אוי דער לשון, דער לשון! „החיים והמות ביד הלשון“.

